# וויליאַם שעקספּיר׳ס סאָנעטן

אידיש:

דר. א. אייסען

צו מיין פֿאַניאַן
און צו מיינע קינדער
עמנואל און נעטעלי,
מיט ליבשאַפֿט, איבער־
געגעבנקייט און דאַנק־
באַרקייט.

איך דריק אויס אַנערקענונג מיינע פֿריינט און קאָלעגן, דעם באַליבטן קלאַסישן דיכטער אַברהם רייזען און דעם גייסטרייכן קריטי־קער און הומאָריסט חיים גוטמאַן (דער לעבעדיגער) פֿאַר זייער פֿריינדלעכקייט אי־בערצוקוקן מיינע איבערגעזעצטע סאָנעטן פֿון וו. שעקספּיר אין מאַנוסקריפּט.

מיט פֿריינדשאַפֿט און קאָלעגיאַליטעט
דער איבערזעצער.



*Ewing Galloway*

WILLIAM SHAKESPEARE

*(From the tomb bust, Stratford on Avon)*

# וויליאַם שעקספּירס לעבן אין עטליכע שורות
## (1616 — 1564)

וויליאַם שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן אין סטראַטפּאָרד־אָן־עוואָן, וואָרוויקשיר, אין ענגלאַנד, דעם 23סטן אַפּריל, אין יאָר 1564. ער איז געווען דאָס דריטע קינד און עלטסטער פון דזשאָן שעקספּיר, אַ פּאַרמער, און צו דער זעלבער צייט, איז ער געווען דער מאַיאָר פון שטאָט. זיין באַגרענעצטע בילדונג וואָס וו. ש. האָט באַקומען אין דער סטראַטפּאָרדער פּאָלק־שול, איז געווען דערגאַנצט דורך דער ברייטער דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט מיט מענטשן און זייערע באַשעפטיקונגען, מיט דער נאַטירלעכער סביבה און היסטאָרישע אַסאָציאַציעס פון זיין געבורטס־שטאָט און געגנט.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 18 יאָר, האָט ער חתונה געהאַט מיט ען העטוויי, אַן אַלמנה, זעקס יאָר עלטער פון אים, אַ טאָכטער פון אַ פּאַרמער, און זי האָט אים געבוירן צו ערשט, די טאָכטער סוזאַנאַ, און דאַן דעם צווילינג, האַמנעט און יודיט.

אינעם יאָר 1586, איז וו. ש. אַוועק נאָך לאָנדאָן פאַרגרעסערן זיין פּאַרמעגן, און, ווי עס ווערט דערציילט, נאָכפּאָלגן אַ גע־ריכטלעכן אָנקלאָג. צו יענער צייט, האָט ער זיך אין לאָנדאָן, פאַרבונדן מיטן טעאַטער, צוערשט מיט קליינע אַרבעטן, און שפּעטער צו, אין 1592, אַלס אַן אַקטיאָר און איבעראַרבעטער פון אַלטע פּיעסן.

אין פֿינף יאָר צײַט האָט ער אָנגעזאַמלט אַ פֿאַרמעגן, און האָט זיך אײַנגעקויפֿט אַ גרויס הויז און אַ גוט אין סטראַטפֿאָרד. שפּעטער האָט ער זיך אויך פֿאַרבונדן מיט די צוויי באַרימטע טעאַטערס פֿון יענער צײַט, „די גלאָוב" און „די בלעק פֿרײַערס".

וויליאַם שעקספּיר איז געשטאָרבן צו זײַן געבורטס־טאָג, אַפּריל דעם 23סטן, 1616, אין סטראַטפֿאָרד, און איז באַערדיקט געוואָרן אינעם קירך־הויף, מיט צוויי טעג שפּעטער.

אַ ביוסט־סטאַטוע פֿון שעקספּירן איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן צווישן די אומשטערבלעכע, שאַפֿנדע גײַסטער אין וועסטמינסטער־עבי, לאָנדאָן.

שעקספּירס ווערק באַשטייען פֿון פֿינף און דרײַסיק פּיעסן, 154 סאָנעטן און עטלעכע אַנדערע פּאָעמעס.

# סאָנעטן*

פון שענסטע וועזנס ווילן מיר פאַרמערונג,
אַז ס׳זאָל די רויז פון שיינקייט קיינמאָל שטאַרבן;
נאָר ווען עס קומט די צייטיקע צעשטערונג —
דעם אָנדענקען זאָל דאַן דער יורש אַרבן:

דאָך דו, פאַרליבט בלויז אין דיין אייגן פּראַכט,
נערסט זיך אײַנגאַנצן אויף דיין אייגן גלוט,
האָסט שפע, לאָזט דאָך אַנדערע פאַרשמאַכט,
אַ שונא זיך, האָסט פיינט דיין אייגן בלוט.

דו, וואָס דו ביזט דער וועלט׳ס אַ פרישער ציר,
אַן אָנזאָגער פון שיינער בליאונגס-צייט,
באַהאַלטסט דיין אוצר אין דיין קנאָספּ ביי דיר,
און טוסט פאַרשווענדן, שיינער, קאַרגערהייד.

דערבאַרם זיך, נאָך איידער ווערסט פאַרצערט,
און לאָז אַ יורש איבער אויף דער ערד.

---

* דעם סאָנעט, ווי אויך די אַנדערע ביז 17, האָט שעקספּיר אַדרע־סירט צו זיינעם אַ פריינט, אַ יונגן, שיין־געשטאַלטיגן און אויסגעצייכנטן מענטשן, וועמען דער דיכטער האָט גערעכטן חתונה האָבן, כדי ער זאָל פאַרקערפּערן און פאַראייביקן זיין צויבערליכע שיינקייט אין זיין יורש.

שעקספּיר ווערט דאָ אַנטפּלעקט אין זיינע סאָנעטן, 154 אין צאָל, אַלס דער גרויסער ליריקער. דער ברייטער, גרויסער וועלט איז ער באַקאַנט בלויז אַלס דראַמאַטורג. ס׳איז אָבער אויך כדאַי צו קענען שעקספּירן אַלס לירישן דיכטער.

# סאָנעט 2*

װען פערציק װינטערס רינגלען אום דײַן שטערן,
און גראָבן גריבער אויף דײַן שײנקײט'ס ערד —
דאַן װעט דײַן יוגנט'ס שטאָלצע קלײדונג װערן
בלויז אַלטע שמאַטעס פון אַ מינדער װערט.

און פרעגט דיך װער: װאו איז דײַן שײנקײט דאַן?
װאו איז דער גלאַנץ פון דײַנע יונגע טעג?
צו ענטפערן: „ס'איז אין מײַן גײסט פאַראַן",
װאָלט זײַן בלויז פאַלשער לויב, און שאַנד און שרעק.

דאָך פיל מאָל שענער װאָלט געװען פאַר דיר
צו ענטפערן: "דאָס שײנע קינד איז מײַן,
עס קרוינט מײַן לעבן, ס'ברײַנגט פאַרגעבונג מיר" —
ער װאָלט געצײגט: ער איז דער יורש דײַן!

װאָלסט זײַן װי נײַ־געבוירן, װען אויך אַלט,
װאָלסט פילן ס'בלוט דײַנס װאַרעם, װען שוין קאַלט.

---

* סאָנעט — 2: דאָס געשאַנק פון יוגענט. שײנקײט איז פאַרשװענדעריש, װען שײנקײט געבערט נישט קײן יורש.

# סאָנעט 3*

גיי־צו צום שפּיגל, זאָג צו דיין געזיכט:
ס'איז צייט דאָס פּנים זאָל אַן אַנדערן געבערן;
ווען ניט, דערפילסט ניט צו דער וועלט דיין פליכט:
דו העלפסט קיין מיידל ניט אַ מוטער ווערן.

וואו איז דאָס מיידל, וואָס פאַראַכט דעם ווערט
פון דיין בעאַקערן איר בתולה־פעלד?
און ווער איז דער, וואָס שטאַרק אַזוי באַגערט,
אַז ס'זאָל מיט אים זיך ענדיקן די וועלט?

דו ביזט דיין מוטער'ס שפּיגל, און זי זעט
אין דיר איר העלן פרילינג ווי באַנייט;
אַזוי וועסטו דורך עלטערס'ס שויבן שפּעט,
דורך אַלע קנייטשן, זען דיין גאָלד'נע צייט.

נאָר אויב ווילסטו לעבן בלויז מיט דעם אַצינד,
דאַן שטאַרב אַ בחור, און דיין „איך" פאַרשווינדט.

---

* סאָנעט — 3: די צוואה פון שיינקייט.

## סאָנעט 4*

פאַרוואָס פאַרשווענדסטו, פרייע ליבליכקייט,
דיין שיינקייט׳ס קראַפט אויף זיך אַליין בלויז גאָר?
נאַטור שענקט קיין ירושה ניט, זי לייהט, —
ווייל זי איז פריי, לייהט זי צו פרייע נאָר.

פאַרוואָס פאַרשעמסטו, שיינער קאַרגער, דו,
די גאָב וואָס איז געגעבן דיר צו געבן?
פאַרוואָס פאַרצערסטו, וואוכערער, דערצו
אַזוי פיל אוצרות, און דאָך קענסט ניט לעבן?

ווייל פירסטו האַנדל בלויז מיט זיך אַליין,
דאַן טוסטו דאָך דיין אייגינעם „איך" באַטריגן,
און וועסטו דאַרפן פון דער וועלט שוין גיין,
וואָס פאַר אַ חשבון וועט זי פון דיר קריגן?

דיין שיינקייט גייט מיט דיר אין גרוב אַריין,
דאָך, ווען באַנוצט, וואָלט זי דיין יורש זיין.

---

* סאָנעט — 4: פאַרשווענדערישע שיינקייט פאַרשעמט די גאָב פון דער נאַטור.

## סאָנעט 5*

די צייט וואָס האָט געשאַפן אַזוי פיין
דאָס ווערק וואָס יעדן מענטשנס' אויג פאַרערט —
די זעלבע צייט וועט דער טיראַן אויך זיין,
און ווערן וועט דאָס ווערק פון איר צעשטערט;

ווייל צייט, די רולאָזע, דעם זומער פירט
צום בייזן ווינטער, וועלכער ברענגט אים אום;
דער זאַפט פון גרינעם בלאַט — פון פראָסט פאַרפרירט,
די שיינקייט ליגט פאַרשנייט, און לער אַרום.

און וואָלט מען ניט אין ווינטער־צייט די רויז
אין ווענט פון גלאָז פאַרשפּאַרט, און דיסטילירט,
וואָלט מיט דער שיינקייט'ס קראַפט געוועזן אויס —
ווי זי וואָלט קיינמאָל גאָרניט עקזיסטירט.

דאָך בלויז דעם גלאַנץ פאַרלירט אין גלאָז די בלום,
איר עצם אָבער קומט ניט קיינמאָל אום.

---

* סאָנעט — 5: די בלום פאַרבליט, דער אַראָמאַט דאָך בלייבט, הייראַט האַלט אויף דעם אַראָמאַט פון מענטשנס בליאונג. אַלס אַ דער־קלערונג צו די שורות 9—14 זאָגט סידני, שעקספּירס קאָמענטאַטאָר: „האָט איר אַמאָל געזען אַ פרישע רויז אין אַ קרישטאָלענער גלאָז מיט וואַסער? ווי שיין זי זעט אויס! צעברעכט איר תּפיסה, און לאָזט די וואַסער אַרויס, ווערט דען ניט די רויז פאַרשטויבט? פאַרלירט זי דען ניט באַלד איר פריערדיקע זיסקייט און שיינקייט? אזוי זיינען מיר מענטשן, אויב מיר האָבן גישט די באַשריינקטקייט פון קרישטאַלענער הייראַט".

# סאָנעט 6*

ניט לאָז דיין ווינטער'ס רויע האַנט פון דיר
דיין זומער רויבן, איידער ווערסט פאַרצערט;
באַגליק מיט גאָב, באַלויכט מיט שיינקייט'ס ציר
אַן אָרט, נאָך איידער שיינקייט ווערט צעשטערט.

ווייל דאָס איז ניט פאַרווערטע וואוכעריי,
וואָס ברענגט בלויז גוטס צו די וואָס צאָלן אויס,
אַ קינד איז דאָך דיין אייגן אָפּבילד טריי,
קריגסט צען מאָל מער פון אייגענעם „איך" אַרויס.

צען מאָל דיין דו איז מער ווי דו אַליין,
ווייל צען פון דיר צען מאָל דיין „איך" באַניט;
וואָס וואָלט דער טויט געטאָן דיר ביים פאַרגיין,
אַז דו קענסט לעבן אין דער ווייטער צייט?

זיי דאָך ניט איינגעשפּאַרט, — דו ביזט צו פיין,
אַז ווערעם זאָלן דיינע יורשים זיין.

---

* סאָנעט — 6: האָב קינדער און פאַרמער זיך אַליין. אויף די שורות 5 און 6 זאָגט סידני, שעקספּירס קאָמענטאַטאָר: „חתונה האָבן און האָבן קינדער ברענגט גליק דעם געבער גראָד אַזוי גוט ווי עס בינדט דעם נעמער, ניט נאָר עס מאַכט ניט אָרימער, נאָר עס באַרייכערט נאָך דעם געבער".

## סאָנעט 7*

זע! ווען אין מזרח הויבט דער טאָג אויף מילד
זיין גליענדיקן קאָפּ — פאַרערן וועט
מיט וואונדער יעדעס אויג דאָס פרישע בילד, —
מיט בליקן דינענדיק זיין מאַיעסטעט!

און שטייט ער אויף דער הויך פון הימל־באַרג,
גלייך ווי אַ מאַן אין רייפער יוגנט־קראַפט,
וועט אַלץ אים נאָך דאָס אויג פאַרערן שטאַרק,
און נאָכפאָלגן זיין גאָלדנער פּילגערשאַפט;

דאָך ווען פון זעניט גייט דער טאָג אָפּ מאַט,
גלייך ווי אַ גרייז, אַראָפּ צום מערב־ברעג,
דאַן זענען אַלע אויגן מיט אים זאַט, —
זיי קוקן פון זיין נידערן אַוועק.

אויך דו, פאַרלאָזנדיק דיין יוגנט־פּראַכט,
אויב לאָזט קיין זוהן, דאַן שטאַרבסטו ניט געאַכט.

---

* סאָנעט — 7: דער טעגלעכער גאַנג פון דער זון פאַרגליכן מיט דעם גאַנג פון לעבן. דער סאָנעט איז געבויט אויף דעם פאַקט, וואָס מענטשן פלעגן פאַרגעטערן די אויפגייענדיקע זון. ווען אָבער די זון פאַרגייט, זאָגט שעקספּיר, קערן זיך מענטשן אום מיט זייערע רוקנס צו איר. דער איינציקער וועג דעריבער ווי אַזוי אויפצוהאַלטן די אַכטונג פון די מענטשן צו זיך אַליין איז, ווען מען קומט אין די שפּעטערע יאָרן, איבערצולאָזן אַ זון אָדער אַ נאָכפאָלגער.

# סאָנעט 8*

צי טומטו דען מוזיק מיט אומעט הערן?
די שיינקייט שטימט מיט שיינקייט, לוסט מיט לוסט!
ווי קענסטו ליבן דאָס, וואָס גלוסט ניט גערן?
ווי קען דיך פרייען דאָרט, וואוליידן טוסט?

ווען טענער אין הארמאָנישן געקלונג
פאראיינט, באַליידיקן דיין אויער גאָר,
דאַן שטראָפן זיי דיך בלויז מיט מילדער צונג,
וואָס דו ליבסט סאָלאָ, בעסער ווי אַ כאָר.

הער, ווי די סטרונעס, שטומענדיק אַצינד,
מיט וואויל־קלאַנג איינס אין אַנדערן צעקלינגען,
גלייך ווי אַ פאָטער, מוטער און אַ קינד,
פאראייניקט, אויף אַ ליבן שטייגער זינגען.

צו דיר זיי זינגען זייער ווארטלאָז ליד:
„אויב בלייבסט אַליין, דאַן ביזטו קיינער ניט".

* סאָנעט — 8: די מוזיק פֿון לעבן. שעקספּיר, זאָגנדיק מוסר זיין באַרימט־שיינעם פֿריינד פֿאַרוואָס ער האָט ניט חתונה און לאָזט ניט איבער קיין יורש, פֿאַרגלייכט אים צו דאָס שפּילן פֿון אַן איינציקער סטרונע אין קעגנזאַץ צו דאָס שפּילן פֿון עטלעכע סטרונעס, אָדער עטלעכע אינסטרומענטן, וואָס קלינגען פֿיל שענער און מער האַרמאָניש. דאָס פֿאַרהייראַטע לעבן, דער כאָר וואו עס זינגען פֿאַראייניקט, און אין האַרמאָני, פֿאָטער, מוטער און קינד, איז דעריבער פֿולער און רייכער ווי דאָס פּוסטע לעבן פֿון אַן איינציקן, וואָס גייט דורך די וועלט גאַנץ אַליין.

## סאָנעט 9*

צי האָסטו מורא אַן אַלמנה לאָזן,
וואָס דו פאַרדאַרבסט אין איינזאַמקייט דיין לייב ?
אויב וועסט די וועלט דאָ אָן אַ קינד פאַרלאָזן,
וועט דיך די וועלט באַקלאָגן ווי אַ ווייב ;

די וועלט וועט דיין אַלמנה זיין, און נאָך
באַוויינען, וואָס דו לאָזט קיין אָפּבילד צוריק,
ווען יעדע אַנדערע פרוי קען זעהן דאָך
דעם אָפּגלאַנץ פון איר מאַן אין קינד׳ס אַ בליק.

וואָס אַ פאַרשווענדער אויף דער וועלט פאַרשווענדט,
עס וואַנדערט בלויז, דער וועלט עס דאָך געהערט ;
ווען שיינקייט איז פאַרשווענדט, דאָס בלייבט פאַרלענדט,—
און אויך ווען ניט באַנוצט, ווערט זי צעשטערט.

אַ האַרץ, וואָס קיינעם ליבן איז ניט גרייט,
אַ שווערע שאַנד אַנטקעגן זיך באַגייט.

* סאָנעטן 9—11 ברענגען אַרויס דעם געדאַנק, אַז דער מענטש לעבט אויך נאָכן טויט, ווען ער לאָזט נאָך איבער אַ קינד.

# סאָנעט 10*

פֿאַר שאַנד! פֿאַרלייקען דו האָסט וועם געליבט,
דו, וועלכער זאָרגט זיך וועגן זיך קיין האָר.
כ'גיב צו, דו ביזט בא זייער פֿיל באַליבט,
און דאָך, אַז דו האָסט קיינעם ליב, איז קלאָר.

ווייל טוסט אַזוי פֿיל ווילדן האַס באַנוצן,
און ווילסט ניט מאַכן קעגן זיך פֿאַרשווערונג;
שטאָט וועלן רייך דיין שיינקייט צו באַפּוצן,
דו ברענגסט איר גאָר מיט אייגענער האַנט צעשטערונג.

באַטראַכט זיך, און כ'וועל אַנדערש צו דיר זיין,
זאָל שנאה העכער דען ווי ליבע שטעהן?
זיי שעהן און גוט, ווי ס'איז דיין אויגן־שיין,
און זיי גוטהאַרציק אויך צו זיך אַליין.

באַשאַף אַ נייעם „איך”, אַלס פֿריינט צו מיר,
און ס'וועט דיין שיינקייט לעבן לאַנג אין דיר.

# סאָנעט 11*

ווען דו פאַרגייסט, דאַן גייסטו אויף אויפסניי,
אין דיינם אַ קינד, פון וועם דו שיידסט זיך אָפּ;
און דיין פריש בלוט, וואָס שענקסט אין יוגנט פריי,
וועט אַלץ זיין דיין, ווען ס׳גייט דיין יוגנט אָפּ.

אין דעם ליגט חכמה, שיינקייט און פאַרמערן,
אָן דעם — די שטות, די עלטער און דער טויט,
דענקט מען ווי דו — וואָלט ס׳לעבן לאַנג אויפהערן,
דאָס לעבן וואָלט צו זעכציק יאָר פאַרוויוט.

זאָל דער, וואָס קען ניט מער פאַרמערן לעבן,
אָן עלנטער — אָן קינדער גיין אין גרוב;
נאַטור האָט דיר, איר ליבלינג, פיל געגעבן;
באַנוץ דערפאַר אויך פריי איר פרייע גאָב!

דו ביזט איר זיגל, און עס איז איר מיין:
זאָלסט לאָזן מוסטערן פון זיך אַליין.

# סאָנעט 12*

ווען כ׳צייל די שטונדן לויט דעם זייגער אויס,
און זע דעם בראַוון טאָג אין נאַכט פאַרגליען;
ווי טונקלע האָר באַזילבערט ווערט און ווייס,
און כ׳זע די פיאָלעט אין איר פאַרבליען;

ווען כ׳זע די בלעטער פון דעם בוים פאַרשוואונדן,
וואָס האָבן ערשט פון היץ באַשיצט די שאָף,
און זומער׳ס גרין, אין גאַרבן איינגעבונדן,
אויף פוהר, מיט גרויע בערד פאַרבאַרשט אַרויף;

דאַן פון דיין שיינקייט, שטיל פאַרטראַכט איך זיך,
וואָס דו אין טויטן־וועג פון צייט מוזט גיין,
ווייל שיינע זאַכן שטאַרבן אַזוי גיך
ווי נאָר זיי זעהען אַנדערע אויפגיין.

עס קען קיין זאַך, אחוץ אַ קינד ביים זייט,
דיך שיצן פון דער קאָסע פון דער צייט.

---

* סאָנעט —12 : צייט רער שניטער. דער דיכטער שילדערט אין איינפּאַכע בילדער און מיט זעלטענע רואיקע ווערטער די שיינקייט פון פאַרוועלקן, די פּעלדער וואָס פאַרבלאַסן אין האַרבסט, די פּרעכטיקע ביימער וואָס טוען זיך אויס פון זייערע בלעטער און דאָס גאַנצע אונטערגיין פון זומער.

## סאָנעט 13 *

אָך, וואָלסטו נאָר געוואָרן „דו”! — דיין „דו”
וועט דאָך ניט דויערן לענגער פון דיין לעבן;
מוזט גיך זיך גרייטן פאַר דער אייביקער רו,
דו מוזט דיין אָפּבילד צו אַן אַנדערן געבן.

עס זאָל דיין שיינקייט וואָס דו האָלטסט אין פּאַכט
דערפאַר זיך נישט פאַרענדיקן אַצינד;
וועסט לעבן נאָך דיין טויט אין נייער פּראַכט,
ווען ס'וועט דיין שיינקייט ירשענען דיין קינד.

ווער לאָזט צעפאַלן אַזאַ שיינע הויז,*
וואָס קען מיט פאַרזיכט ווערן אויפגעהאַלטן
אַנטקעגן ווינטער'ס שטורם און געברויז,
ווי קעגן טויט, דעם בייזן, אייביק-קאַלטן? —

אָ, בלויז פאַרשווענדער קענען אַזוי טאָן? —
האָסט, פריינט, געהאַט אַ פאָטער; האָב אַ זון.

---

* סאָנעט — 13: דאָס איבערלעבן. טיילאָר, דער באַרימטער בעל־מפורש אויף שעקספּיר זאָגט, אַז „הויז” אין שורה 9 מיינט ניט אַ פּשוט הויז, נאָר דאָ באַציט זיך שעקספּיר אויף דער שיינער קערפּערלעכער פאָרמע און אַלגעמיינער אַנציענדער פּערזענלעכקייט פון זיין פריינד וועמען ער בעט הייראַטן, כדי צו לאָזן נאָך זיך אַ יורש.

# סאָנעט 14*

ניט פון די שטערן צי איך מיין אורטייל'ס בליק;
דאָך ווייס איך, גלויב איך, שטערנזעהעריי,
נאָר ניט פאָראויסצוזאָגן אומגליק, גליק,
און הונגער, פּעסט און צייטן אַלערליי; —

איך ווייס אויך ניט דאָס מזל פון מינוטן,
וואָס ברענגען דונער, שטורם אָדער רעגן,
און צי עס וועט מיט פירשטן גיין צום גוטן
ווייס איך ניט לויט דעם הימל אויסצולייגן;

בלויז דיינע אויגן מאַכן מיר אַלץ קלאָר,
זיי זענען שטערן, וועלכע מיך באַלערן:
אַז ס'האַרמאָנירט די שיינקייט און די וואָר,
אויב דו וועסט ווענדן דו זאָלסט זיך פאַרמערן.

ווען ניט, דאַן וועגן דיר הער מיין באַשייד,
דיין שיינקייט און דיין וואָר מיט דיר פאַרגייט.

---

* סאָנעט — 14: ליבעס אַסטראָלאָגיע. דער דיכטער פאַרגלייכט דאָ דעם פריינדס אויגן צו די שטערן, וואָס העלפן טרעפן וואָס עס וועט מיט אים פאָרקומען, און זיי לערנען אים, אַז שיינקייט האַרמאָנירט מיט וואָר.

# סאָנעט 15*

ווען כ׳זע, ווי אַלץ וואָס וואַקסט און בליט
פּערפעקט צו לעבן האָט ניט זייער פיל;
אַז לעבענס בינע פאָרשטעלונג בלויז גיט
אויף וואָס די שטערן ווירקן אין דער שטיל;

ווען כ׳זע ווי מענטש און פלאַנצונג זיך פאַרמערט,
באַשיצט, צעשטערט פון זעלבן הימל־צעלט,
אין זייער העכסטער בליאונג־צייט פאַרצערט,
און ס׳שווינדט מיט זיי די שיינקייט פון דער וועלט;

אין אַנבליק דאַן פון דער פאַרגאַנגליכקייט
זע איך דיין בילד אין יוגנטליכער פּראַכט,
און ס׳רעדט זיך דורך דער טויט מיט בייזער צייט
צו ענדערן דיין מאָרגן־ליכט אין נאַכט;

און אַלץ אין קריג מיט צייט, ווייל כ׳בין דיר טריי,
וואָס זי דיר רויבט, שענק איך דיר אויפדאָסניי.

---

* סאָנעט—15: דער קרייז פֿון וואַקסן און פֿאַרוועלקן. מאַנכע געלערנטע פֿאַרטייטשן עס אַזוי: די שטערן האָבן זייער איינפֿלוס אויף דער שפּיל פֿון אונזער לעבן אויף דער וועלט־בינע. פּונקט ווי פֿאַרטייטשונגען פֿון בעל־מפֿורש גייען האַנט אין האַנט מיטן אָריגינאַל, אַזוי שטימט דער איינ־פֿלוס פֿון די שטערן און מזלות מיט אַלץ וואָס וואַקסט און לעבט אויף אונזער ערד.

## סאָנעט 16*

פאַרוואָס־זשע האַלטסט ניט שטאַרקערע געווער
אַנטקעגן בלוטיקן טיראַן, די צייט?
פאַרוואָס פאַרשאַפסטו זיך ניט מיטלען מער
געבענטשטע, ווי מיין ליד פון קנאַפּ באַדייט?

איצט שטייסטו אויף דער הויך פון פריידיקער יוגנט,
פיל מיידל־גאָרטנס, אומבאַפרוכפּערט, ווילד,
געטראָגן וואָלט — און דער וואונטש איז טוגנט —
די בלומען דיינע, איידער בלויז דיין בילד.

אַזוי־אַ קינד, אויך וואָס פאַרריכט דאָס לעבן,
וואָס אי צייט׳ס פּענזל, אי מיין פעדער פעלט
דיין אינערן ווערט און אויסערן גלאַנץ צו געבן,
קען דיך אליין באַלעבן פאַר דער וועלט.

זיך זעלבסט צו געבן, גיט דיין וועזן האַפט,
מוזט לעבן דורך דיין שאַפנדיקער קראַפט.

---

* סאָנעט — 16 : טאַרניכטן צייט, דעם בלוטיקן טיראַן, דורך מיי־טערדיקן דור.

מיט דעם 16טן סאָנעט ענדיקט זיך דער ציקל סאָנעטן וועגן הייראַט.

דער זין פון צווייטן און דריטן פערז איז אַזוי : פיל מיידלעך וואָס וואָלטן דיך געהייראַט, וואָלטן דיר געבערן לעבעדיקע בלומען־קינדער, וואָס זיינען פיל טייערער ווי וועלכע ס׳איז בילד פון דיר. אַזוי אויך וואָלט דיין הייראַט און דיין האָבן אַ קינד פאַרריכט דיין לעבן, וואָס „צייטס פּענזל" — דאָס הייסט, געשיכטע אין אַלגעמיין, אָדער מיין „פעדער", מיין מער פשוטע קונסט, זיינען גאָרנישט בכוח צו באַלויכטן דעם אינער־ליכן ווערט און אויסערליכן גלאַנץ אין די אויגן פון דער וועלט.

## סאָנעט 17*

ווער וועט אַמאָל מיין דיכטונג גלויבן גאַר,
אַז ס'איז מיט דיינע מעלות אָנגעפילט?
כאָטש, איין גאָט ווייסט, עס איז אַ קבר נאָר,
וואָס האַלט דיין גלאַנץ און לעבן האַלב פאַרהילט.

וואָלט איך די גרויסע פייאיקייט פאַרמאָגט
צו שילדערן אין ליד דיין חן, דיין ליכט, —
וואָלט מען געטראַכט, „דער דיכטער ליגן זאָגט —
וויל געטליך שטראַלט קיין ערדישע געזיכט".

מען וואָלט די שטאַרק־פאַרגעלטע בלעטער מיין
פאַראַכט, ווי פּלוידעריי פון אַלטע לייט;
דיין אייגנשאַפט וואָלט בלויז פאַנטאַזיע זיין,
אַן אָנגעשטרענגט געזאַנג פון ווייטער צייט.

וואָלט אָבער דאַן געלעבט אַ קינד פון דיר, —
לעבסטו אין אים, און אויך אין ליד פון מיר.

---

* אין די סאָנעטן 17 און 32 פאַרמשכּונט דער דיכטער זיין פריינד־שאַפט צו זיין פריינד אַלס דויערנדע ליבע.
סאָנעטן 17 און 18 עפענען זיך אויף מיט איינדרוקספולע באַהויפּ־טונגען פון הויכער שעצונג און באַוואונדערונג.

# סאָנעט 18*

זאָל איך דיך צו אַ זומער־טאָג פאַרגלייכן?
ביזט מילדער, ליבליכער אין יעדן זין;
דורך פרילינג׳ס בליטען רויע ווינטן שלייכן,
און קורץ איז פון דעם זומער דער טערמין:

אָפטמאָל צו היים דאָס אויג פון הימל לייכט,
אָפט איז זיין גאָלדענער גלאַנץ פאַרטונקלט גאָר,
און אָפט דאָס שיינע פון דער שיינקייט ווייכט,
דורך צופאַל, ענדערונג פון דער נאַטור:

דאָך אייביק לעבן וועט דיין זומער׳ס פּראַכט,
און וואָס דו שיינס פאַרמאָגסט וועט אייביק ווײַלן;
ס׳וועט טויט ניט האָבן איבער דיר קיין מאַכט,
ווייל ביזט פאַראייביקט אין די אייביגע צײַלן;

ווי לאַנג נאָך מענטשן אָטעמען, אויגן זעה׳ן
לעבט מיין געדיכט, און דו וועסט ניט פאַרגיין.

---

* סאָנעט — 18: אומפאַרגענגלעכע שיינקייט. דער דאָזיקער סאָנעט, ווי אויך סאָנעט 19, זיינען אייגעטלעך אַ פּאָר, אויף דער קאָנווענציאָנעלער טעמע, געווידמעט צו אַ פריינד, וואָס ווערט פאַראייביקט דורך דעם לויב פון פּאָעזיע.

# סאָנעט 19*

פאַרצערענדע צייט, די ציין פון לייב צוקראַך,
און לאָז די ערד פאַרשלינגען קינד און קיים,
דעם טיגער׳ס שאַרפע נעגל שטומפּיק מאַך
און לאָז דעם פעניקס* ברענען לעבעדיקערהייט.

שאַף די סעזאָנען פריילעך אָדער טריב,
טו צו דער ברייטער וועלט, שנעל־פּיסיקע צייט,
און אַלץ וואָס ס׳איז אויף איר, ווי ס׳איז דיר ליב;
דאָך היט זיך אָפּ פון איין פאַרברעכערישקייט:

אַ, קריץ נישט אויף מיין ליבסטנ׳ס שיינעם שטערן
מיט אַלטער פען די שטונדן פון דיין גאַנג;
דערלויב, אַז אונבאַפלעקטן, ליבערשט ווערן
דער שיינקייט׳ס מוסטער פאַר די דורות לאַנג.

נאָר, אַלטע צייט, דיין בייזקייט אַרט מיך ניט:
מיין פריינט וועט אייביק יונג זיין אין מיין ליד.

---

* דער דיכטער איגנאָרירט צייט, וואָס וויל אומברענגען זיין פריינד, ווייל זיין פריינד וועט אייביק לעבן אין דעם ליד.

** פעניקס — אַזאַ פויגל וואָס לעבט זייער, זייער לאַנג.

# סאָנעט 20*

פאַרמאָגסט אַ פּנים — שיין ווי פון אַ פרוי,
ביזט האַר און האַרין פון מיין ליידנשאַפט;
דו האָסט אַ צאַרטע האַרץ, נאָר ניט אַזוי
ווי פון אַ פרוי: אי פאַלש אי פלאַטערהאַפט.

דיין אויג — מער העל, דאָך ווייניגער עס פאַרפירט,
באַגילט אַ יעדע זאַך, אויף וואָס עס בליקט;
דיין פאַרב — די אַלע פאַרבן קאָנטראָלירט,
עס רעגט דעם מאַן און ס'פרויען האַרץ ענטציקט.

ביזט פאַר אַ פרוי צוערשט געווען געבאָרן;
ביז די נאַטור, דיך שאַפנדיק, האָט דיר
אַ גאָב געשענקט, דורך וואָס האָסט מיך פאַרלאָרן,
ווייל וואָס דו האָסט באַקומען, נוצט ניט מיר.

נאָר זינט זי האָט דיך פאַר דער פרוי באַשערט,
גיב מיר דיין האַרץ, און איר — וואָס איר געהערט.

* סאָנעט — 20: שעקספּיר באַוואונדערט דאָס צויבערליכע פּרויען־געזיכט פון זיין פריינד. דער סאָנעט איז אַדרעסירט צו אַ יונגען מאַן, וועלכער איז אַזוי שיין, אַז דער דיכטער באַדויערט אויף אַ שפּילעוודיקן אופן, וואָס דער יונגער מאַן קען ניט ווערן געליבט אַזוי ווי אַ פרוי. איינער פון שעקספּירס קאָמענטאַטאָרס טייטשט אויס, אַז דער סאָנעט באַציט זיך צום דואַל־כאַראַקטער פון אייביקער ליבע אין דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע.

## סאָנעט 21 *

איך בין ניט ווי דער דיכטער, וואָס באַפּוצט
די אויסגעמאָלטע שיינקייט אין סאָנעט,
און פּאַר באַציר דעם הימל ער באַנוצט,
און ס'שיינע דאָרט מיט זיינס פאַרגלייכען ווערט;

וואָס פּאָרט אַזאַ פאַנטאַסטישן פאַרגלייך
מיט זון, לבנה, מיט דער גאַנצער וועלט,
מיט פרישע פרילינג-בלומען וואונדער רייך,
אַז אַלץ פאַראיינט ער אונטער'ן הימל-צעלט.

כ'וויל זיין אין דיכטען ווי אין ליבע וואָר,
דאַן וועט מען גלויבן: דו ביזט אַזוי שיין
ווי ס'קען ווער זיין; כאָטש ניט גראָד אַזוי קלאָר
ווי הימל-ליכטער אין דער לופטן ריין.

זאָל יענער רעדן מער, דער וואָס נאָר וויל,
איך דאַרף ניט לויבן: כּדי מ'זאָל קויפן פיל.

---

* סאָנעט — 21: די פאַלשע געגנער־דיכטער. אין דעם סאָנעט דער־קלערט שעקספּיר, אַז ער וועט ניט לויבן זיין שיינעם יונגן פריינד מיט די איבעריקע טערמינען פון אַנדערע סאָנעטן־דיכטער, נאָר ער וועט אים באַזינגען מיט פּשוטן אמת און מיט אויפריכטיקייט.

# סאָנעט 22 *

מיין שפּיגל זאָל ניט ווייזן: איך בין אַלט,
ווי לאַנג דו האַלטסט מיט יוגנט גלייכע וואָג;
נאָר ווען צייט'ס קאַרבן כ'זע אויף דיין געשטאַלט,
מעג דאַן דער טויט מיר ברענגען לעצטן טאָג.

ווייל נאָר דיין שיינקייט און דיין גאַנצער ציר,
איז בלויז מיין האַרץ־באַפּוצונג און מיין שיין;
דאָס זיכער לעבט אין דיר, ווי דיינס אין מיר,
איז ווי קען איך דאַן עלטער פון דיר זיין?

דערפאַר, מיין ליבער, אַכטונג גיב אויף זיך,
ווי איך טו אויך עס דיר צוליב, אַצינד;
און היטן ציטעריג דיין האַרץ אויך ביי זיך,
ווי ס'היט אַ שאַרפע וועכטערין אַ קינד.

פאַרלאַנג ניט דיין האַרץ, ווען עס שטאַרבט אָפּ מיינס,
דו האָסט אויף אייביק מיר געגעבן דיינס.

---

* סאָנעט — 22: אין דיין יוגענד האַלט זיך מיין עלטער יונג. דאָס איז אַ ליבע־סאָנעט באַגרינדעט אויף דער באַקאַנטער „איינבילדונג" פון שעקספּירס צייט — דאָס איבערבייטן זיך מיט הערצער.

## סאָנעט 23*

ווי אַן אַקטיאָר, אַן אָנפאַנגער, וואָס שפּילט
זיין ראָליע אין פאַרווירונג און אין שרעק,
צי ווי אַ מענטש מיט צאָרן איבערפילט,
ווען ס׳עם גרויס גבורה רויבט זיין מוט אַוועק,

אַזוי פאַרגעס איך אין מיין טיפן וויי,
ארויסזאָגן ווי כ׳בין פון ליבע קראַנק,
און אין מיין שטאַרקייט, דוכט זיך, איך פאַרגיי,
דערדריקט פון יאָך, פון אייגענעם ליבעס־דראַנג.

אָ, זאָלן מיינע אויגן רעדן שוין
פאַר מיר און פאַר מיין רעגעווודיקער ברוסט,
זיי בעטן שטום און פאָדערן באַלוין,
מער ווי מיין צונג, וואָס איז מער זין־באַוואוסט.

וואָס שטילע ליבע האָט פאַרשריבן, לערן —
די פיינסטע ליבע איז: מיט אויגן הערן.

---

* סאָנעט 23: טיפֿע וואַסערן מאַכן דעם קלענסטן רויש. אין דעם סאָנעט רעדט זיך וועגן אַ ליבע וואָס איז צו־שטאַרק פֿאַר ווערטער, אַ ליבע וואו די אויגן דריקן־אויס מער ווי דאָס מויל.

## סאָנעט 24*

מיין אויג האָט, ווי אַ קינסטלער, דיין געשטאַלט,
דיין פאָרם, ביי מיר אין הארצן אויסגראווירט;
מיין קערפּער, ווי אַ ראַם ארום, דיך האַלט,
און ס׳ווייזט: ס׳איז קונסט מיט עכטקייט דורכגעפירט.

דו מוזט די קונסט דורכ׳ן קינסטלער זען דאָך,
צו מערקן וואו דיין אָפּבילד זיך געפינט;
וואָס הענגט אין ווערקשטאַט פון מיין הארצן נאָך,
דאָרט וואו דיין אויגן־פּאָר אַלס פענסטער דינט.

זע, ס׳האָבן אונז׳רע אויגן זיך דערגאַנצט:
ס׳האָבן מיינע דיך געצייכנט, דיינע — מיר
געדינט, ווי פענסטער צו מיין הארץ, וואו ס׳ גלאַנצט
מיט לופט די זון אַדורך, און קוקט אויף דיר.

וואָס ס׳פעלט דער קונסט, דאָס ווייסן אויגן דאָך,
זיי צייכ׳נען וואָס זיי זעהען, ניט — דעם תוך...

---

* דעם מאַהלערס קונסט. דער סאָנעט איז געבויט אויף דער איינ־בילדונג פון דעם דיכטער, אַז ער קוקט מיט אויגן פון אַ מאַלער, אָדער צייכנער, וועלכער האָט געצייכנט זיין פריינד׳ס שיינקייט אויף זיין האַרצן. דער דיכטער שפּילט זיך מיט וואָרט „ראַם“; דער קערפּער איז די פיזישע ראַם, וואָס האַלט די האַרץ און ד יאַנדערע אָרגאַנען.

## סאָנעט 25 *

זאָל יענער, וועמען שיקזאַל האָט באַשערט
מיט כּבוד און טיטולן, זיין פאַרשייט,
איך, וועמען מזל האָט טריאומף פאַרוועהרט,
האָב ליב צו לעבן שטיל און גאַנץ באַשייד.

די ליבלינגע פון גראַפן גלאַנצן שעהן
בלויז אין דער זון, גלייך ווי די גאָלדן־בלום,*
און זייער שטאָלץ ליגט טויט אין זיי אַליין:
אַ כמאַרע — און פאַרביי איז זייער רום.

דער בראַווער קריגער, ווייט—באַרימט און גרויס,
ווען איינמאָל, נאָך אַ טויזנט זיגן פעלט,
שטרייכט מען פון ערע־בוך זיין נאָמען אויס,
און זיין פאַרדינסט — פאַרגעסן פון דער וועלט.

דערפאַר איז בעסער מיר: כ׳האָב ליב מיט לוסט
און ווער געליבט, און לייד ניט פון פאַרלוסט.

* סאָנעט — 25: דער וואָס ליבט און ווערט געליבט איז דער גליק־לעכסטער פון אַלע העלדן, קריגער און רייכע אין דער וועלט. שעקספיר דייטעט אויך אָן אין דעם סאָנעט, אַז זיין פריינד ווערט ניט באַהאַנדלט גוט פון די מזלות, און ער קריגט ניט גענוג כּבוד פון זיינע מיט־מענטשן. עס קאָן אויך מיינען, אַז שעקספיר באַקלאָגט זיך אויף זיין אייגענער קונסט.

די גאָלדן־בלום — דער גאָרטן מעריגאָלד ווענדט זיינע בלומען צו דער זון, און לאָזט די זון עפענען און פאַרמאַכן די בלומען.

## סאָנעט 26*

מיין ליבער האַר, צו וועמען, אין פאַרקנעכטונג,
עס בינדט דיין גרויסקייט שטאַרק מיין פליכט צונויף,
איך שיק צו דיר מיין אויפגעשריבענע דיכטונג,
ניט זיך צו רימען, נאָר אַלס טרייען חוב.

אַ גרויסער חוב מיט ווייניק גייסט ווי מיין
זעט נאַקעט אויס, אין ווערטער שטאַרק באַשיידן,
דאָך האָף איך, אַז דער גוטער אורטייל דיין
וועט שיין מיין חוב, דעם נאַקעטן, באַקליידן.

ביז ווען דער שטערן, וואָס מיין וועג מיך פירט,
מיט העלן בליק און גנאָד צו מיר זיך קערט,
און מיך מיין בעטלער-ליבע שעהן באַצירט,
צו ווייזן מיר, איך בין דיין כּבוד ווערט.

כ'וועל דאַן ערשט מיט מיין ליבע גרוים זיך האַלטן,
דערווייל, טו איך מיין קאָפּ פון דיר באַהאַלטן.

---

* סאָנעט — 26 :אויף ווידערזען. ד"ר דרייק דענקט, אַז דעם סאָנעט האָט שעקספּיר אַדרעסירט צו לאָרד סאַוטהעמפּטאָן, וועמענס גרויסע ווערטן שעקספּיר האָט הויך אָפּגעשאַצט און האָט זיך געפילט הינטערשטעליק קעגן אים און אונטערטעניק צו זיין פּערזענלעכקייט. דאָס האָט ער אָנגעשריבן איידער ער איז אָפּגעפאָרן פון אים פאַר אַ שטיקל צייט.

## סאָנעט 27 *

פון אַרבעט מאַט, איך איַיל מיך צו מיין בעט —
די ליבע רו פאַר גלידער מיד פון וועג;
ערשט דעמאָלט וואַנדערט אום מיין גייסט ביז שפּעט
ווען ס'נעמט די אַרבעט פון מיין גוף אַן עק.

עס פאַנגען אָן געדאַנקען פון דער וויַיט
צו וואַנדערן מיט פריידיקייט צו דיר,
זיי עפענען מיינע מידע אויגן ברייט
און קוקן בלינד אין פינצטערניש צו דיר.

נאָר מיין נשמה מיט איר דמיונ'ס מאַכט
ברענגט מיר דיין שאָטן צו מיין טונקעלער ליכט,
און ווי אַ דימענט אין אַ שוואַרצער נאַכט
באַשיינט, באַהעלט דאָס פינסטער נאַכט-געזיכט.

אַזוי מיין גוף ביַיטאָג, מיין גייסט ביינאַכט,
פאַר דיר ווי אויך פאַר מיר אין אומרו וואַכט.

---

* סאָנעט — 27 : אויף דער רייזע — שלאָפלאָזיקייט. די סאָנעטן 27 — 28 ווי אויך די סאָנעטן 34, 50 און 51 שילדערן ווי דער דיכטער רייזט ווירקלעך אַרום פאַרשידענע וויַיטע געגנטן און ליידט פון שלאָפלאָזיקייט דורך די בענקענדיקע נעכט. מען דענקט, אַז דעם סאָנעט 27 האָט שעקספּיר אָנגעשריבן ווען ער איז געווען אַוועק פון דער היים און האָט באַזוכט איטאַליע.

## סאָנעט 28*

ווי קומט מען צו דאָס פריידיקע צוריק,
ווען ס'איז דאָס גליק מיר פון דער רו פאַרוועט?
ווען נאַכט פאַרגרינגערט ניט פון טאָג דעם דרוק,
נאָר טאָג און נאַכט, איינס-אַנדערע זיך שטערט?

און ביידע, ווען זיי זעהען אוים צושיידט,
דאָך, מיך צו פּלאָגן, ביידע שטימען איין:
דער טאָג מיט מי, די נאַכט מיט בענקשאַפט גרייט,
וואָס איך דאַרף ווייט פאַרוואָרפן פון דיר זיין.

איך זאָג צום טאָג: ביזט פול מיט חן און פּראַכט,
ווען וואָלקענס דעקן צו דעם הימל שווער;
איך חנפ'ע אויך די שוואַרץ-פאַרהילטע נאַכט:
דו שיינסט, ווען שטערן פינקלען שוין ניט מער.

דאָך טעגליך ציט דערטאָג מיין לייד אוים מערער,
און נאַכטליך מאַכט די נאַכט מיין וויטיק שווערער.

---

* סאָנעט — 28: די שטענדיקע בענקשאַפט דורך טאָג און נאַכט. סאָנעט 28 איז פאַרבונדן מיט די סאָנעטן 26 און 27.

## סאָנעט 29*

ווען ווייט פון גליק און אויך פון מענטשן ווייט,
מיין מזל איך, אַן איינזאַמער, באַוויין, —
אומזיסט מיין זעל צום טויבן הימל שרייט
און כ'שעלט מיין גורל ווי אויך זיך אַליין;

און ווינטש: צו זיין ווי דער, וואָס איז מער רייך
אין האָפענונג, צי ווי דער, וואָס האָט פיל פריינט;
אין קונסט, פאַרנעם, מיט דעם און יענעם גלייך,
אַלץ וואָס איך ליב, נאָר וואָס עס פעלט מיר היינט —

דאָך דענקענדיג איך בין ביי זיך פאַראַכט,
דערשיינט גאָר פּלוצים דאַן דיין בילד פאַר מיר;
און ווי די לערכע, וועלכע פרי דערוואַכט,
זינג איך מיין הימן ביי דעם הימל־טיר;

— ווייל ווען איך אין דיין ליבע זיך דערמאָן
איז בעסער מיר פון קעניג אויף זיין טראָן.

---

* סאָנעט — 29: איך כאַפּ זיך אויף, חלומדיג פֿון דיר. צום סוף פֿון דער שווערער רייזע, באַדריקט דורך איינזאַמקייט און וואַנדערונג, דערמאָנט זיך דער דיכטער אין פֿריינט און ס'ווערט די האָפענונג גאָר אָפּגעפֿרישט.

סאָנעטן 29—30 זיינען פֿון איין גרופּע.

סאָנעטן 29 און 30 זיינען פֿון דער זעלבער טעמא און באַלאַנגען צו די גרעסטע לירישע געזאַנגען פֿון שעקספּיר.

# סאָנעט 30*

ווען, אין דער ליבער שטילקייט פון געדאַנק,
דערמאָן איך מיך אין מיין פאַרגאַנגענהייט,
און זיפץ וואָס ס'פעלט מיר וואָס געזוכט גאָר לאַנג,
און קלאָג אויף וואָס איך האָב פאַרלאָרן צייט:

דאַן פליסט פון אויג אַ ניט געוואוינטע טרער,
נאָך ליבע פריינט וועם ס'האָט דער טויט פאַרלענדט,
און כ'וויין מיט טיפער בענקעניש נאָך מער,
און קלאָג אויף אַלץ וואָס איז אומנישט פאַרשווענדט:

דאַן לייד איך אַלעליידן פון אַמאָל,
און כ'צייל מיט שווער-געמיט אַ יעדן וויי,
און צאָל מיט וויטאָג איצט אויפסניי, און צאָל,
ווי איך וואָלט קיינמאָל ניט געצאָלט פאַר זיי.

דאָך דענק איך נאָר פון דיר, מיין פריינט, מיין פרייד, —
ווערט אַלצדינג גוט, און סקומט אַ סוף צו לייד.

* סאָנעט — 30: דערמאָנענדיג זיך אין גליקלעכערער צייט.

## סאָנעט 31*

פון אַלע הערצער איז דיין ברוסט דאָס אָרט
פאַר די, וואָס טויט: איך קען זיי מער ניט האָבן,
און ליבן, און וואָס ליב איז הערשן דאָרט,
און פריינט, וואָס כ'האָב געהאַלטן שוין באַגראָבן,

אַך, וויפיל הייליקע, געטרייע טרערן
האָט ליבע צוגעגנבעט פרום ביי מיר,
אַלס צינז פאַר טויטע, וואָס איך טו פאַרערן,
ווי וויטע זאַכן, טיף פאַרבאָרגט אין דיר!

דו ביזט די גרוב, וואו טויטע ליבעס לעבן,
מיט די טראָפעען זייערע באַהענגט;
זיי האָבן טיילן דיר פון מיר געגעבן,
ס'איז איצט בלויז דיינס, וואָס כ'האָב צו פיל געשענקט.

די, וועלכע כ'האָב געליבט, זע איך אין דיר,
און דו האָסט אַלץ פון זיי, און אַלץ פון מיר.

---

* סאָנעט 31: אין דיר איז אַלץ פֿון מיר און מיינע, וועמען איך האָב געליבט. די טעמע פֿון דעם סאָנעט גיט אַ פֿאָרשטעלונג פֿון דעם פלאַטאָנישן בליק איבער ליבע, וואָס גיט זיך איבער צו זייטיגע זאַכן, אָבער ניט בלייבנדיק פֿאַלש צו דער הויפּט־זאַך. עס איז אַ העכערע מדרגה, ווען אַלע זייטיגע, אַלע נידעריגע זאַכן שליסן זיך אָן אין דעם הויפּט אָביעקט און לעבן־איבער אין אים אַ צווייטן לעבן.

## סאָנעט 32 *

אויב דו לעבסט־איבער נאָר מיין פּטירה־שעה,
ווען רויער טויט אין קבר מיך פאַרשיבט,
און דו וועסט איבערקוקן ווידער דאָ
דאָס פּשוט ליד פון דעם, וואָס׳ט דיך געליבט,

פאַרגלייך עס מיט מאָדערנערע (צו גונסט),
כאָטש מיין ליד זעט פאַרעלטערט אויס און ווייט,
דאָך היט עס צוליב ליבע, ניט די קונסט,
וואָס העכער איז ביי גליקלעכערע לייט.

דו זאָלסט דאַן וועגן מיר מיט ליבע זאָגן:
„וואָלט ער דעם שוואונג פון היינטיגער צייט געזען, —
וואָלט דאַן זיין ליבע בעסערע פּרוכט געטראָגן,
ער וואָלט דאַן בראַוו אין שטאָלצ׳רע רייען שטיין;

„נאָר ער איז טויט, און אַנדערע דיכטן בעסער, —
כ׳לעז זיי פאַר סטיל, און אים: זיין ליבע גרעסער״.

---

* סאָנעט 32 — : דער דיכטער האָפט, אַז די צייט פון אַנערקענונג וועט נאָך קומען.

# סאָנעט 33 *

איך האָב פרימאָרגענס פּרעכטיקע געזען,
די שפּיצן־בערג מיט הערשער־בליק באַשילדן,
מיט גאָלד'נעם פּנים קושן פעלדער שיין,
דעם בלאַסן שטראָם מיט הימל־גאָלד באַגילדן ;

און פּלוצים ווערט דעם מאָרגענס גלאָרע ליכט,
באַדעקט מיט וואָלקענס ביז'ן הימל־ראַנד,
און פון דער וועלט באַהאַלט ער זיין געזיכט,
און רוקט זיך אָפּ אין מערב־זייט פאַר שאַנד :

אַזוי געגלאַנצט האָט מיר מיין מאָרגן־שיין,
מיט ערן־פּראַכט מיין שטערן מיר באַצירט ;
אַ שעה בלויז איז די זון געוועזן מיין,
און איצט איז זי מיט וואָלקענס פאַרמאַסקירט.

דאָך ליידט צום פריינט מיין ליבע ניט דערפון,
אַ מענטש מעג אויך זיך טונקלען ווי די זון.

---

* סאָנעט — 33 : קורץ איז די שעה פֿון גליק און פֿריינדשאַפֿט.
די סאָנעטן 33, 34 און 35 באַהאַנדלען אַ געפֿיל פֿון אָפּגעפֿרעמד־קייט צוליב עפּעס אַ נאַרישקייט, וואָס זעט אויס, עס זאָל האָבן באַגאַנגען שעקספּיר'ס פֿריינד צו וועמען די סאָנעטן זיינען אַדרעסירט.

# *34 סאָנעט

דו האָסט אַ שיינעם טאָג מיר צוגעזאָגט,
און מיר געלאָזט אָן מאַנטעל פון מיין הויז,
האָסט וואָלקענס אויף מיין וועג דאָן אַנגעיאָגט,
פאַרהילענדיק דיין גלאַנץ אין נעבל'ס שוים.

אומזיסט דו ברעכסט זיך דורך די וואָלקענס דאָרט,
צו טרוקענען מיין דורכגעווייקט געזיכט,
ווייל ס'גיט ניט פאַר דעם זאַלב קיין איין גוט וואָרט,
וואָס היילט די וואונד, נאָר מאַכט די שאַנד ניט ציכט.

קיין היילונג גיט ניט צו מיין וויי, דיין שמאָך;
עס טוט דיר באַנג, נאָר דער פאַרלוסט איז מיין:
דעם זינדערס לייד ברענגט לינדערונג גאַנץ שוואַך
צו אים, וואָס דולדיגט שטאַרק די מאַרטער-פּיין.

דאָך, דיינע טרערן פּערלען זיך אַצינד,
זיי זיינען רייך און קויפן-אויס דיין זינד.

---

* סאָנעט — 34: פאַרגעבונג. ווייל דעם דיכטערס פריינד האָט חרטה קעגן דער עוולה וואָס ער איז באַגאַנגען.

## סאָנעט 35*

באַדויער מער ניט וואָס דו האָסט געטאָן:
די רויז האָט דערנער, דער פאָנטאַן האָט קויט,
פאַרפינסטערט ווערט לבנה און די זון,
און מיאוסער וואָרעם לעבט אין פיינסטער קווייט.

איעדער מענטש האָט פעלער, און אויך איך,
און איך פאַרגלייך דיין זינד מיט זיך אצינד;
און משפּט זיך אום צו פאַרגעבן דיך,
און בין דיר מוחל מער ווי ס'איז דיין זינד;

ווייל צו דיין זינדליך שולד אַ זין איך שענק —
כ'בין געגנער און פאַרטיידיקער ביינאַנד —
און געגן זיך אליין די קלאָגע ברענג,
אַזוי גייט האַס און ליבע האַנט און האַנט,

דאָס איך בין איצטער שולדיק גלייך מיט דיר,
מיט'ן ליבן רויבער, וועלכער רויבט פון מיר.

---

*סאָנעט — 35: באַפּרייאונג. אין דעם דאָזיקן סאָנעט איז ניט נאָר וואָס דער דיכטער פאַרגיט זיין פריינד פאַר די זינד וואָס ער איז באַגאַנגען נאָר ער ווערט אויך אַ שותּף אין די אַלע עוולות.

# סאָנעט 36*

כ׳מוז מודה זיין: מירביידע זיינען צוויי,
כאָטש אונזער ליבע קען זיך ניט צוגיין;
כ׳וועל טראָגן מיינע שאַנד־פלעקן אין וויי,
גאָר אָן דיין מינדסטע הילף, גאָר גאַנץ אַליין.

אין אונער ביידנס ליבע הערשט איין גייסט,
כאָטש גרויס פאַרדראָס אין לעבן אונז צעשיידט;
און אויב דעם ליבעס־באַנד ער ניט צערייסט —
ער רויבט פון ליבע דאָך די זיסע פרייד.

איך וועל ניט קיינמאָל אָנערקענען דיך
חוץ ווען עס וועט מיין שולד דיר ברענגען שאַנד;
דו זאָלסט ניט פאַר דער וועלט באַערן מיך,
חוץ ווען דו שיידסט מיין ערע פון דיין שאַנד.

נאָר טו עס ניט; איך ליב דיך: ווייל ביזט מיין,
און ווייל ביזט מיין, איז אויך מיין נאָמען דיין.

---

* סאָנעט — 36: אָפּגעזונדערטקייט. דער דיכטער באַשליסט, אַז צוליב גרויסע אורזאַכן, וואָלט געווען גלייכער, אַז ער זאָל פֿאַר אַ געוויסער צייט בלייבן אָפּגעזונדערט פֿון זיין פֿריינד. שעקספּירס קאָמענטאַטאָר ס. סמיט טראַוועדס דרינגט אַרויס פֿון דעם סאָנעט, אַז שעקספּיר האָט דעם סאָנעט אַדרעסירט צו זיינעם אַן אומגעזעצליכן זון.

## סאָנעט 37 *

גלייך ווי אַן אַלטער פאָטער גליקליך איז
צו זען אין זיינס אַ קינד אַ קרעפטיק לעבן,
אַזוי טוט מיר, לאָם דורך גאָטור'ס קאַפּריז,
דיין הויכע ווערט און וואָר, פיל נחת געבן.

צי שיינקייט, יחוס, רייכטום, אָדער וויץ,
צי איינס פון דעם, צי אַלץ, צי מער דערצו,
זיך קלייבן אויס אין דיר אַ הערשער־זיץ,
גיב איך מיין ליבע נאָך צו אַלצדינג צו.

דאַן בין איך מער ניט לאָם, פאַראַכט, געדריקט,
ווייל אויך דיין שאָטן האָט אַזוי פיל „זיין",
אַז איך בין דורך דיין רייכטום שטאַרק באַגליקט,
און לעב אויך טיילווייז דורך דיין רום און שיין.

דאָס סאַמע בעסטע וויל איך, זען אין דיר:
דאָס איז מיין וואונטש, וואָס שאַפט די פרייד פאַר מיר.

* סאָנעט 37: פאַרעהרונג. דער סאָנעט דייטעט אָן, אַז שעקספּירס פריינד, וועגן וועמען עס רעדט זיך דאָ, איז געשטאַנען פיל העכער פאַרן דיכטער אין עפנטליכן און סאָציאַלן לעבן.

## סאָנעט 38*

ווי קען דען פעלן שטאָף דער מוזע מיין?
ווי לאַנג דו לעבסט, טוסטו באַזעלן איר
פאַר מיינע פערזן מיט דיין חן, צו־פיין
צו ווידערהאָלן עס אויף גראָב פּאַפּיר?

דעם דאַנק קומט דיר אַליין, אויב וואָס אין מיר,
כּדאַי צו לעזן, שטייט פאַר דיין געזיכט;
ווייל ווער וואָלט שרייבן נישט געגאַרט פאַר דיר
ווען דו אַליין שאַפסט פאַר דער דיכטונג ליכט?

דו, צענטע מוזע, צען מאָל מער די ווערט
ווי יענע ניין אויף וועלכע דיכטער לויערן;
זאָל שאַפן יענער, וועלכער דיך באַערט,
אַזוינס, וואָס וועט אויף אייביק דויערן.

געפעלט מיין פּשוט ליד דעם מאָדנעם טאָג,
דאַן בלייבט מיט דיר די לויב, מיט מיר — די פּלאָג.

---

* סאָנעט — 38: פֿאַרעהרונג ביז באַגייסטערונג. אָסקאַר ווײַלד דענקט, אַז דעם סאָנעט האָט שעקספּיר אַדרעסירט צו אַ יונגנמאַן אַן אַקטיאָר, פֿאַר וועמען שעקספּיר האָט געשריבן זיינע פֿרויען־ראָלן. דער טאַלאַנטפֿולער אַקטיאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין דעקלאַמאַטאָרישער קראַפֿט און קינסטלערישער אינטערפּרעטאַציע.

## סאָנעט 39*

ווי קען איך פון דיין ווערט מיט שיינקייט זינגען,
ווען דו ביזט דאָך די בעסערע טייל פון מיר?
וואָס קען דעם אייגענעם איך מיין זעלבסט-לויב ברענגען?
און לויב איך דען ניט זיך אַליין אין דיר?

פאַר דעם בלויז זאָלן מיר באַזונדער לעבן,
און אונזער ביידנס ליבע — ניט ווי איין,
דורך דער צעשיידונג קען איך ערשט דיר געבן
דעם גרויסן חוב, וואָס דו פאַרדינסט אַליין.

אָ, שיידונג, וואָלסט פיל פּיין געווען פאַר מיר
ווען דו וואָלסט נישט געשענקט די זיסע צייט
צו שפּילן זיך מיט ליבעס-טרוים פון דיר,
די צייט וואָס זים מיט טרוימעריי זיך ביים,

און לערנט ווי עס ווערט פון איינעם צוויי,
ווען כ׳לויב אים דאָ כאָטש וויים אוועק אַזוי!

---

* סאָנעט — 39: זעלבסט־לויב און פֿריינד׳ס לויב. דער סאָנעט איז אַ קאָנווענציאָנעלער סאָנעט וועגן ליבע און לויב.

## סאָנעט 40*

נעם, ליבסטער, מיינע ליבעס, נעם זיי פריי;
וואָס האָסטו פון זיי אַלע פאַר אַ גליק?
זיי זענען ניט קיין ליבעס אמת־טריי;
האָסט אַלע זיי געהאַט שוין לאַנג צוריק.

אויב דו, אַנשטאָט מיין פריינטשאַפט, נעמסט מיין פרוי,
פאַרגיב איך דיר, ווייל דו געברויכסט דאָך איר;
ביזט אומגערעכט, וואָס נאַרסט זיך אָפּ אַזוי
דורך ליבן זי, און זאָגסט זיך אָפּ פון מיר.

דיין רויב פאַרגיב איך, פיינער גנב מיין,
כאָטש נעמסט אַוועק מיין גאַנץ פאַרמעג אַן רעכט;
דאָך ליבע ווייסט, אַז גרעסער איז די פּיין
פון ליבע׳ס אומרעכט, ווי דער האַס וואָס שטעכט.

געפעלשטער חן, וואו רשעות דרינגט אריין,
כאָטש טוסטו מיר שלעכטס, — מיר זאָלן פיינט ניט זיין.

---

* סאָנעט — 40: פאָרוואורף. אין די סאָנעטן 40—42 באַקלאָגט זיך דער דיכטער אויף זיין פריינד׳ס עוולה וואָס ער איז באַגאַנגען אין אַוועקנעמען די ליבע פון דער פרוי אין וועלכער ער איז שטערבליך פאַר־ליבט. דער אינצידענט איז גיכער באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ שפּילעוודיקן אופן איידער אויף אַ טראַגישן.

## סאָנעט 41 *

די גרויסע אומרעכט, וואָס דיין לייכטזין טוט,
ווען איך בין אין דיין האַרץ אַמאָל ניטאָ,
לויט דיינע יאָרן, שיינקייט, פּאַסט זיך גוט,
ווייל ס'איז נסיון דאָרט, וואו דו ביזט דאָ.

ביזט פיין, דערפאַר געווינט מען דיך אַזוי;
די פרוי באַפאַלט דיך, פאַר דיין חן און פּראַכט;
און ווען אַ פרוי באַגערט, ווער קען דער פרוי
פאַרלאָזן, ביז זי קריגט איר איבערמאַכט?

אָ, ניין! האָסט מיך בעדאַרפט געדולדן פאָרט,
און אויסצו'מוסר'ן דיין יוגנט־גלוסט,
וואָס אין פאַרשייטן ברען זי פירט דיך דאָרט,
וואו צוויי מאָל אונגעטריי דו ווערן מוזט.

צו איר — ווייל ס'רייצט דיין שיינקייט איר צו דיר,
צו מיר — ווייל דורך דיין שיינקייט נאַרסטו מיר.

---

* סאָנעט — 41: פאַרפיהרט — דערפאַר געוואָרן אומגעטריי.

## סאָנעט 42*

אַז דו האָסט איר, דאָס אַרט מיך ווייניק וואָס,
דאָך אמת איז: איך האָב זי שטאַרק געליבט;
אַז זי האָט דיך, דאָס איז מיין הויפּט פאַרדראָס, —
פאַרלאָרענע ליבע, וועלכע מיך באַטריבט.

איך שענק אייך, ליבע זינדער,ביידן אייך:
דו ליבסט איר, ווייל דו ווייסט אַז איך ליב איר;
אויך דעמאָלט טוט זי מיך באַטריבן גלייך,
מיין חבר'ס ליבשאַפט דולט זי צוליב מיר.

פאַרליר איך דיך, גייט דער געווינס צו איר,
פאַרליר איך איר — איז דיינער דער פאַרלוסט;
צוויי האָבן זיך, און איך — די צוויי פאַרליר,
און ביידע, נאָענט מיר, ווייטאָגן מיין ברוסט.

אַ גליק נאָך, וואָס מיין פריינט און איך — ווי איין;
זעלבסט־נאַרעריי! דאַן ליבט זי מיך אַליין.

---

* סאָנעט — 42: באַדויערונג. סאָנעט 42 מיט זיין געמאַכטער וואָרט־שפּיל און אָנגעצויגענע טרייסט איז פּשוט צום ערשטוינען; כאָטש דער סאָנעט קלינגט איבערטריבן צו נעמען אים אַזוי גרינג ווי ער איז... דער סאָנעט צייכנט זיך אויס אין דעם אָריגינאַל מיט זיין מעלאָדישקייט, און דעם אויסוואַל פון ווערטער און אין דעם עמאָציאָנעלן אינטערעס פון דעם פּסיכאָלאָגישן פּראָבלעם.

## סאָנעט 43 *

דאָס אויג מיינס זעט צומבעסטן ווען פאַרמאַכט;
בייטאָג, דערשיינען זאַכן אָן שום ווערט;
נאָר ווען איך זע אין דרימל דיך ביינאַכט —
אין טונקלקייט העל־טונקל העלער ווערט.

דו, וועמענס שאָטן, שאָטנס לויכטן מאַכט,
ווי ס'וואָלט דיין וועזן ווייזן שעהן אַ שוי
דעם העלן טאָג, מיט דיין פיל־העלער פּראַכט,
וואָס שיינט מיר אין מיין שלומער שעהן אַזוי!

איך זאָג, ווי וואָלט מיין בליק געבענטשט געווען
צו זען דיך אין טאָג־לעבעדיגן ליכט,
אַז אויך ביים שטאַרק־פאַרשלאָפענעם אויג טוט שטיין
אין טויטער נאַכט דיין טונקל־שיין געזיכט!

טאָג ווערט מיר נאַכט, ווען איך בין ווייט פון דיר,
נאַכט ווערט מיר טאָג, פירט דיך אַ טרוים צו מיר.

---

* סאָנעט — 43: שאָטענס און די ווירקליכקייט. דער דיכטער זעט זיין פריינד בלויז אין די שאָטנס פון דער נאַכט און גאַרט און בענקט אים צו זען אין דער ווירקליכקייט, אין טאָג־לעבעדיגן ליכט.

אין די סאָנעטן 43—45 און 48, ווי אויך 50—52 ווידערהאָלט זיך די טעמע פון דעם דיכטער'ס אָפּוועזנהייט פון דער היים. זיי באַציען זיך צו אַ רייזע וואָס דער דיכטער האָט געמאַכט.

# סאָנעט 44*

ווען ס'וואָלט מיין טעמפּער גוף געווען געדאַנק,
און בייזע ווייטקייט ניט געשטערט מיין וועג;
דאַן וואָלט איך, טראָץ באַשרענקטן רוים, שוין לאַנג
געפלויגן פון ווי ווייט צו דיר אוועק.

ווען כ'זאָל אויך שטיין אויף ווייטסטן ערדן־ראַנד
געשיידט פון דיר אויף לאַנגע מיילן פיל, —
געדאַנק שפּרינגט פלינק אַריבער ים און לאַנד
ווי נאָר ער טראַכט פון זיין באַגערטן ציל.

נאָר, ס'פּייניקט דער געדאַנק: כ'בין ניט אַזוי,
אַז כ'זאָל צו דיר זיך געבן פלינק אַ טראָג,
נאָר אַז פון ערד און וואַסער איך באַשטיי,
און מוז מיין צייט פאַרברענגען מיט מיין פּלאָג,

וואָס קריגט פון עלעמענטן לאַנגזאַם, שווער
בלויז טרערן, וויי און ליידן, און ניט מער.

---

* סאָנעט — 44: די פיר עלעמענטן פון מענטשליכן קערפּער: ערד און וואַסער, — לופט און פייער. אין דעם סאָנעט באַקלאָגט זיך דער דיכטער אויף דעם וואָס זיין קערפּער באַשטייט מערסטנס פון די צוויי עלעמענטן: ערד און וואַסער, און דעריבער איז אים ניט אַזוי גרינג אַוועקצוטראָגן זיך צום פריינד און עס באַפאַלט אים די בענקשאַפט און דער אומעט. דערפאַר אָבער — זיינע אַנדערע צוויי עלעמענטן: לופט און פייער, ווי אויסגעדריקט אין נעקסטן סאָנעט 45 — זיי טראָגן שוין יאָ זיין געדאַנק און זיין פאַרלאַנג גאָר פלינק אַריבער פון אים צו זיין פריינד און צוריק, ווי אמת'ע שליחים.

## סאָנעט 45*

די לופט און פייער, שטענדיק אין געדראַנג
זיך הענגען־אָן אָן דיר, וואו נאָר איך בין;
איינס — מיין געדאַנק, דאָס צווייטע — מיין פאַרלאַנג,
אין פלינקען לויף זיך שווינגען הער־און־הין.

ווען אָט די שנעל׳רע עלעמענטן גייען
פון מיר צו דיר אין לייבליכן פאַרקער,
און מיט די צוויי פון פיר בלייב איך אַליין,
דאַן זינקט מיין זעל, דערדריקט מיט אומעט שווער.

ביז ס׳וועט דערגאַנצן זיך אויפסניי מיין לעבן,
ווען ס׳קומען מיינע שנעלע שליחים צוריק,
און טאַקע שוין מיט זיכערקייט מיר געבן
אַ גרוס פון דיין געזונט און פון דיין גליק.

דאָס פרייט מיך שטאַרק; דאָך דויערט עס ניט לאַנג,
איך שיק זיי צ׳ריק, און ס׳ווערט מיר ווידער באַנג.

---

* סאָנעט — 45: לופט און פייער — די פלינקע עלעמענטן פון מענטשנ׳ס קערפער און שליחים פון געדאַנק און פאַרלאַנג.

## סאָנעט 46*

מיין אויג און הארץ, זיי קעמפן דרייסט און ווילד,
ווי זיך צו טיילן מיט דיין שיינעם בליק;
מיין אויג פארווערט מיין הארצן שטרענג דיין בילד,
מיין הארץ דעם אויג אזא פארבאָט גיט צוריק.

מיין הארץ דערקלערט, אז דו ליגסט טיף אין אים, —
א פלאץ, וואָס קיין קרישטאָלן אויג דורכבליקט, —
נאָר ס׳לייקנט־אָפּ דאָס אויג דעם געגנער׳ס שטים
און זאָגט, אז בלויז אין אים דיין שיינקייט ליגט.

דעם שטרייט צו שליכטן רוף איך דאן ארויס,
אלס ריכטער, דעם געדאנק מיט זיין באפעל;
און לויט זיין אורטייל ווערט באשטימט די גרויס
פון העלן אויג׳ס און טרייען הארצנ׳ס צעל.

דיין אויסערליכעם בילד — דעם אויג באשערט,
דיין טיפע ליבע — צו מיין הארץ געהערט.

---

*סאָנעטן — 46־47: האַרץ און אויג; דאָס בילד און דער אָריגינאַל. אין די דאָזיקע סאָנעטן דריקט שעקספּיר אויס דעם שטרייט וואָס גייט אָן אין אים צווישן זיין אויג און זיין האַרץ פאַר דעם באַזיץ פון זיין פריינד׳ס בילד.

## סאָנעט 47*

מײַן האַרץ און אויג געשלאָסן האָבן שלום צוריק,
און יעדער איז צום אַנדערן איצטער גוט:
אין צײַט, ווען ס'לעכצט מײַן אויג מיר פאַר אַ בליק,
און ס'גײט אין בענקשאַפט אָפּ מײַן האַרץ אין בלוט,

מײַן אויג דאַן מיט מײַן ליבעס־בילד זיך פרײט
און צו דער שמחה ער דאָס האַרץ לאַדט אײַן,
אַן אַנדערש מאָל דאָס האַרץ מײַן אויג פאַרבעט
און מיט דעם ליבעס־אָנדענק טײלט זיך פײַן.

צי דורך דײַן בילד, צי דורך דער ליבע מײַן
ביזט דו אַזוי, כאָטש ווײַט, דאָך נאָענט צו מיר,
ווײַל קענסט פון מײַן געדאַנק ניט ווײַטער זײַן,
און כ'בין מיט אים, און ער איז אויך מיט דיר.

צי, ווען ער שלאָפט, רופט אים דײַן בילד צוריק
און וועקט מײַן האַרץ צום אויג און האַרצנס גליק.

## סאָנעט 48*

ווי פאָרזיכטיק איך האָב פארלאָזט דאָס הויז,
כ'האָב אונטער שלאָס די קלענסטע זאַך באַזאָרגט;
כּדי ס'זאָל בלייבן פאַר מיין נוצן בלויז,
האָב איך פון פאַלשע הענט אַלצדינג פאַרבאָרגט!

דאָך דו, וואָס גאָלד איז נול אַנטקעגן דיר,
מיין שענסטע טרייסט, ביזט איצט מיין גרעסטער צער,
מיין איינציגע זאָרג און טייערסטע פאַר מיר,
דו ביזט געבליבן צו ווערן אין געפאַר.

איך האָב דיר אין קיין שופלאָד ניט פאַרמאַכט,
אויך ווען איך פיל ביזט דאָ, כאָטש נישט צו זען,
טיף אין מיין הארץ, וואו צאַרטע ליבע וואַכט,
און וואו ס'איז פריי דיין קומען און דיין גיין,

מע וועט דיך גנבה'נען, מיין הארץ מיך שרעקט:
דעם ערלעכסטן אַזאַ מין גנבה רעגט.

* סאָנעט — 48: געזעגענדיג זיך. אין דעם סאָנעט איז דאָ די אָנדייטונג, אַז דער דיכטער גרייט זיך ווירקליך צו אַ ווייטער רייזע און ער דאַרף זיך שיידן מיט זיין פֿריינד.

## סאָנעט 49*

צו יענער צייט, אויב איך וועל נאָר דערלעבן,
ווען ס׳וועלן מיינע פעלער דיך פאַרדריסן,
ווען ס׳וועט דיין ליבע זיין שוין אויסגעגעבן,
און וועסט באַדאַכטערהייט איר רעכנונג שליסן,

צו יענער צייט, ווען דו וועסט פרעמדערהייט
מיט קאַלטן גרוס און בליק פאַר מיר דורכגיין,
ווען ליבע, לער פון פריערדיגער פרייד,
וועט אויף געזעצטער לאָגיק בלויז באַשטיין,

אַנטקעגן יענער צייט באַשיץ איך זיך
אין דעם באַוואוסטזיין וואָס באַלאַנגט צו מיר,
און הויב די האַנט אויף ווידער קעגן מיך,
דיין רעכט צו שיצן וואָס געהערט צו דיר;

האָסט רעכט צו איבערייסן אונזער בונד,
ווייל ס׳האָט די ליבע ניט קיין וואָרן גרונד.

---

* סאָנעט — 49: דאָס באַלאַנסירן פֿון ליבע און דאָס איבעררייסן פֿון פֿריינדשאַפֿט. אין דעם סאָנעט דריקט אויס דער דיכטער די מעג־ליכקייט, אַז דער פֿריינד, צו וועמען די דיכטונג איז אַדרעסירט, זאָל אַמאָל זיך אָפּרעכענען מיט אים און מאַכן אַ סוף צו זייער פֿריינדשאַפֿט.

## סאָנעט 50 *

ווי ס'איז די רייזע לאַנגווייליק און שווער,
ווען וואָס איך זוך, פון אומרייזן דעם ציל,
מיך לערנט זאָגן איינם נאָר און נישט מער:
„ביזט פון דיין פריינט געשיידט אויף מיילן פיל".

מיין מידער פערד, א מידער מיט מיין לייד,
שפּאַנט לאַנגזאַם, שלעפּט זיך מיט דער לאַסט אין מיר,
ווי דאָס באַשעפעניש אליין פארשטייט:
זיין רייטער וויל נישט איילן זיך פון דיר.

דער שאַרפער שפּאָרן קען אים גאָרנישט שטערן,
ווען ס'דרינגט אים אויך אַמאָל אין פעל מיין צאָרן,
ער לאָזט בלויז אַפּטמאָל שווער זיין זיפצן הערן,
מער שאַרף פאַר מיר, ווי אין זיין פעל דער שפּאָרן.

ווייל פון זיין קרעכצן קלינגט עס מיר צוריק:
„מיין צער — פאָרויס, און הינטער מיר מיין גליק".

---

* סאָנעטן 50 און 51: די רייזע און דער צוריקקער. די דאָזיקע צוויי סאָנעטן זיינען אַ פּאָר, און זיינען פון שטאַרקער רעאַליסטישער באַשרייבונג. עס גיט אַ בילד פון דער שווערער רייזע וואָס מען פלעגט דורכמאַכן רייטנדיק אויף פערד אין די צייטן פון קעניגין עליזאַבעט.

## סאָנעט 51*

ס'וועט ליבע מוחל זיין די לאַנגזאַמקייט
פון מידן פערד, ווען כ'פאָר פון דיר אַוועק;
פון דאָרט וואו ביזט — צו וואָס נאָך יאָגן צייט? —
ביז כ'קער זיך אום, זאָל לאַנגזאַם גיין מיין וועג.

וואָס וועט מיין אָרימער פערד אַן ענטפער געבן,
אַז אויך גאַלאָפּ איז ווי פּאַמעלעך בלויז?
אַ שטורם מיט שפּאָרן און אויף ווינטן שוועבן,
ווען אויך געאייל איז ווי שטעהן שטיל זעט אויס:

קיין פערד האַלט-אָן מיט מיין פאַרלאַנג די טריט;
פאַרלאַנג, פון ליבעס-דראַנג געבוירן און גענערט,
דאַרף אין גאַלאָפּ קיין מידן קערפּער ניט;
דערפאַר וועט ליבע מוחל זיין מיין פערד:

ווייל ער'ז פון דיר געגאַנגען שטיל און מיד,
צו דיר — איך פלי, און אים — לאָז זיינע טריט.

* סאָנעט — 51: דער צוריקקער.

## סאָנעט 52*

איך בין אַן עושר, אוצרות איך פאַרמאָג —
ווען׳ס צויבער־שליסל עפנט זיין פאַרשלוס;
דאָך ציילט ער ניט די אוצרות יעדן טאָג,
אום ניט פאַרביליקן זיין הויך־גענוס.

דערפאַר יום־טובים זענען פייערליך און שיין –
זיי קומען זעלטן אין דעם לאַנגן יאָר,
געציילט ווי איידל־שטיינער, עכט און ריין,
צי ווי בריליאַנטן אין אַ האַלזבאַנד גאָר.

אַזוי וועט צייט, וואָס ווי אַ שראַנק האַלט דיך
צי ווי דער אַלמער, וואָס די קלייד באַוואַכט,
אין אַ געבענטשטער שעה דערלויבן זיך
צו עפענען זיין איינגעשלאָסענער פּראַכט.

געבענטשט ביזטו, ווען׳ס גרויסע ווערט שאַפט רוים:
מיט דיר — טריאומף, און אָן דיר — שיינער טרוים.

---

* סאָנעט — 52: די פֿרייד פֿון טרעפֿן זיך אויפֿסניי. דער סאָנעט שילדערט די צופֿרידנקייט פֿון צוריקקערן זיך אַהיים, און נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט פֿון צייט אויפֿסניי זיך פֿרייען מיטן פֿריינד.

# סאָנעט 53*

וואָס איז דער שטאָף פון וואָס דו קומסט אַרויס,
אַז טויזנט פרעמדע שאָטנס דיר זיך נייגן?
ווייל יעדער שאָטן איז איין שאָטן בלויז,
און דיר אַליין, איז יעדער שאָטן אייגן.

באַשרייב אַדאָניס ווי ער איז געמאָלט, —
זיין בילד איז אָרים דיר ווי נאָכגעמאַכט,
די גאַנצע שיינקייט אויף העלענאַ שטראַלט,
און דו, לעבסט ווידער אויף אין גריכיש פראַכט.

פון פרילינג, רעד, פון זומער'ס רייפער צייט;
דער ערשטער שאָטנט אָפּ דיין העל געזיכט,
דער צווייטער — שפע פון דיין ליבליכקייט;
און דו, מיט גאָר דיין זעליגקייט און ליכט.

אין יעדן חן — איז חן אויך פון דיין איך,
אין טרייקייט — האָסטו קיינעם, קיינער — דיך.

* סאָנעט — 53: דער אידעאַל פֿון ליבע און פֿון שיינקייט. דער סאָנעט איז געבויט אויף דער אַלטער טעמע פֿון ליבע און שיינקייט.

## *סאָנעט 54

אָך, וויפיל שענער שטראַלט די שיינקייט דאָך,
ווען טריישאַפט זי מיט איר באַציר באַוועבט?
שיין איז די רויז, און שענער שיינט זי נאָך
דורך יענעם זיסן דופט, וואָס אין איר לעבט.

די ווילדע בלום האָט אַזאַ טיף קאָליר,
גלייך ווי דער ריחות־פול עסענץ פון רויז,
הענגט אויך אויף דאָרן, און ס'שפילט די לוסט אין איר,
ווען זומער—לופט די קנאָספּן ווייזט אַרויס.

דאָך ווייל איר טוגנט איז בלויז אויסערע שוי,
לעבט זי ווי אומבאַליבט, פאַרוועלקט אָן אַכט
און שטאַרבט אַליין. די רויז איז ניט אַזוי:
ס'ווערט פון איר זיסן טויט פּערפום געמאַכט.

אַזוי אויך ווען מיין ליבע יוגנט פליט,
איר טרייער דופט שטראָמט אייביג פון מיין ליד.

* סאָנעט — 54: ליבע און טריישאַפט. די סאָנעטן 54 און 55 פאָרמירן אַ פּאָר איבער דער פאַראייביגונגס־קראַפט פון פּאָעזיע. די אידייע, וועלכע ווערט אויסגעדריקט אין דעם סאָנעט 54 איז, אַז שיינקייט ווערט באַהאַנדלט אַלס אַן אויסערליכע זאַך, אַ צווייטע אין ראַנג און איז פאַרבייגייענד. דער ריח איז אָבער אינערליך, ערשט־ראַנגיק און קען ווערן אויסגעהאַלטן — דעריבער הייסט עס, אַז שיינקייט איז אַ שאָטן, דער ריח אָבער איז סובּ־סטאַנץ; שעקספּיר גלייכט צו דאָס אמת'דיקע און דויערהאַפטיקע פון דער יוגנט־ליבע צו דער צווייטער זאַך, צו דעם דופט פון דער רויז.

## סאָנעט 55*

קיין גאָלדענער מאָנומענט, קיין מאַרמאָרשטיין
זאָל איבערלעבן מיין פול קרעפטיג ליד;
דו שטראַלסט אַרוים פון אים מער העל און שיין
ווי שטויביקער שטיין, וואָס צייט מיט שמוץ באַציט.

ווען ווילדער קריג סטאַטועז מאַכט צו שטויב,
און שטורם דעם פּאַלאַץ אויסוואָרצלען וועט,
ווערסטו דאָך ניט דעם שווערד'ס און פייער'ס רויב —
ווייל דו לעבסט אייביק לאַנג אין מיין סאָנעט.

און טראָץ דעם טויט און דער פאַרגאַנגענהייט
לעבסטו נאָך אַלץ; און ס'האַלט איר אָרט דיין ווערט
ביי אַלע דורות פון דער קומענדיקער צייט —
ביז צו דעם לעצטן טאָג פון אונזער ערד.

אַזוי, ביז דו וועסט זיך פון גרוב דערהויבן,
זאָלסטו דורך מיר אין מענטשן הערצער לעבן.

---

* סאָנעט 55 — דאָס ליד לעבט איבער אַלץ. אויך דעם דאָזיקן סאָנעט האָט שעקספּיר געווידמעט זיין פריינד און אים פאַרזיכערט, אַז אין זיין ליד וועט ער פאַראייביגט, ווייל דיכטונג לעבט איבער אַפילו די שענסטע און שטאַרקסטע מאָנומענטן.

# סאָנעט 56*

באַניי, אָ, ליבע, טייערע, דיין מאַכט;
זאָל זי ניט שוואַכער ווי דער הונגער זיין:
ווען היינט געשטילט, אויף מאָרגן פריש דערוואַכט,
און נעמט מיך דורך אויפסניי מיט שאַרפן פּיין.

אַזוי זיי ליבע דו: ווען ס׳איז אויך יעצט
דיין הונגעריגע אויג געשטילט ביז זאַט;
זע מאָרגן ווידער, און ניט טויט צולעצט
דיין ליבעס-גייסט ביז ער ווערט שטומפּיק מאַט.

זאָל צווישנצייט זיין ווי דער אָקעאַן,
ווען צוויי פאַרליבטע ער פונאַנדעררייסט,
וואָס צום ברעג ים קומט טעגליך יעדער דאַן,
צו טרעפן זיך מיט נייעם ליבעס-גייסט.

צי זאָל זי זיין ווי ווינטער, פול מיט לייד,
וואָס מאַכט פיל אָנגענעמער זומער׳ס פרייד.

---

* סאָנעט — 56: די שורות 9—12 שטעלן פֿאָר, אַז די ליבע איז געגליכן צום ים מיטן צוקומען און אָפּפֿאַלן פֿון וואַסערביים ברעג. אין אַנדערע ווערטער מיינט דער דיכטער אַזוי: זאָל די טריבע צווישנצייט, ווען מיר זיינען אָפּגעשיידט איינער פֿון דעם אַנדערן, זיין ווי דאָס וואַסער, וואָס לויפֿט אָפּ פֿון ברעג ים, דער ים פֿון ליבע, וואו צוויי פֿאַרליבטע טרעפֿן זיך יעדן טאָג, און ווען זיי זעען ווי די ליבע קומט אָן, ווי דאָס וואַסער אויפֿדאָסניי, פֿילן זיי זיך גליקליכער.

* די סאָנעטן 56—58 און אויך סאָנעט 61 זיינען נאָך אַ גרופּע סאָנעטן פֿון אָפּוועזנהייט. אין דעם פֿאַל איז עס דעם דיכטערס פֿריינד, וואָס איז אַוועק ניט דער דיכטער זעלבסט.

## סאָנעט 57*

ווייל כ'בין דיין שקלאַף, וואָס קען איך מער דען טאָן
ווי מקריב זיין מיין יעדע שעה פאַר דיר?
איך האָב קיין טייער צייט ניט צו פאַרטאָן,
קיין דינסט צו לייסטן, ביז דו בעטסט ביי מיר.

איך טאַדל ניט די לאַנגע באַנגע צייט,
ווען צוליב דיר איך צייל אַ יעדע שטונד,
און טראַכט ניט פון דער שיידונגס ביטערקייט,
ווען דו האָסט מיר געזאָגט אַ זיי־געזונד;

איך וואַג ניט פרעגן אויך מיט מיין געדאַנק,
וואו דו ביסט איצטער און ווי דו פאַרברענגסט,
איך טראַכט בלויז, ווי אַ שקלאַף אין טיפן באַנג,
ווי דו די נייע פריינט מיט גליק באַשענקסט.

די ליבע איז אַ טרייער נאַר, וואָס טוט
צוליב, און האַלט דיין יעדע טאַט פאַר גוט.

---

* סאָנעט — 57 : פֿריינדשאַפֿט פֿאַרוואָלקענט. דער דיכטער וויל דאָ אַרויסברענגען, אַז כאָטש זיין פֿריינד איז אַוועק און ער איז דעריבער אייפֿערזיכטיק וואָס ער פֿאַרברענגט מיט אַנדערע פֿריינד דאָרט אין דער ווייט, דאָך בלייבט אים דער דיכטער טריי ווי אַ קנעכט.

## סאָנעט 58*

באהיט מיך גאָט, וואָס מאַכט מיר פאַר דיין קנעכט,
אַז איך זאָל פאַר די שטונדן פון דיין פרייד
פאַרלאַנגען רעכענונג מיט פרייער רעכט, —
ווייל כ׳בין דיין קנעכט, בין איך דיך דינען גרייט!

אָ, לאָז מיך, ביז דיין וואָרט וועט קומען, ליידן
פון תּפיסה־פּיין, ווען דו ביזט ווייט און פריי;
געדולד, געצאַמט אין צער, וועט גאַנץ באַשיידן
אָן צו באַשולדיקן: דו ביזט ניט טריי.

זיי, וואו דו ווילסט, דיין פרייהייט דיך באַערט
אַז דו אַליין קענסט מיט דיין צייט טאָן גראָד
וואָס דו פאַרלאַנגסט; צו דיר דאָס רעכט געהערט
פאַר דיין פאַרברעכן שענקען זיך גענאָד.

כ׳מוז וואַרטן, אויך ווען וואַרטן צערט מיין בלוט;
איך טאַדל ניט דיין לוסט — צי שלעכט, צי גוט.

---

*סאָנעט — 58: האַר און קנעכט. ווי געזאָגט אין פריערדיקן סאָנעט, בלייבט דער דיכטער טריי זיין פריינד, כאָטש יענער איז ווייט אַוועק און פריי, און ער דאָ פילט זיך איינזאַם ווי אין תּפיסה.

## סאָנעט 59 *

אויב אַלץ וואָס ניי, וואָס איז, איז שוין געווען,
ווי גייט דאַן אונזער זין און מי פאַרלוירן,
אַז מיענדיק זיך כּדי דאָס נייע זען,
דערוואויסט מען זיך אַז ס'איז שוין לאַנג געבוירן.

אָ, וואָלט געקענט געשיכטע ווייזן מיר,
אין יאָרן הונדערטער צוריק פאַרטיפּט,
אין גאָר אַן אַלטן באַנד, דאָס בילד פון דיר,
פאַרשרייבנדיג אין גייסט פון ערשטער שריפט!

כ'וואָלט דאַן געהערט, וואָס ס'וואָלט די וועלט געזאָגט
אויפן וואונדערפולן ווערק פון דיינע גלידער;
צי מיר, צי זיי זיך האָבן איבעריאָגט,
צי דאָס, וואָס ס'האָט געגאָלטן, גילט היינט ווידער.

אָך, זיכער איז: דער גייסט פון יענעם לעבן
האָט זאַכן קלענערע מער לויב געגעבן.

---

* סאָנעט — 59: „אין כּל חדש תּחת השמש“ — קהלת. די אידייע, ווי זי דערשיינט אין די סאָנעטן 59 און 123 איז געווען די לערע פון אַלטע סטאָיקער, אַ לערע, וועלכע איז אויך געווען רעפּראָדוצירט ביי דעם דיכטער פון דעם ביבלישן בוך קהלת . . . די פערזן אין דעם ערשטן קאַפּיטל פון קהלת וואָס ענטהאַלטן די לערע פון די ציקלען זיינען אַזוי קרעפטיק און בולט, און לאָזן זיך ציטירן, אַז מ'קען זייער גרינג גלויבן, דאָס שעקספּיר האָט געשעפּט זיין אידייע פון דעם קוואַל.

# סאָנעט 60*

ווי ס'ציען כוואַליעס זיך צום זאַמדן־ברעג,
אַזוי זיך איילן טעג צו זייער ציל;
טעג בייטן זיך מיט פריערדיגע טעג
און שטרייטן פאָראויס אין דעם וועקסלונג־שפּיל.

דער מענטש, ווי נאָר אין לעבן דרינגט אַריין,
צו רייפקייט שטרעבט; און שוין געקרוינט אין ליכט,
קרייזט טיפע פינסטערניש אַרום זיין שיין,
און צייט, די שעפערין איר גאָב פאַרניכט.

די צייט צעפליקט די בליענדיקע יוגנט,
גראָבט איין אין שיינקייטס שטערן טיפע קאַרבן,
פאַרצערט דאָס טייערסטע פון וואָר און טוגענד,
און מיט איר קאָסע טוט זי אַלץ פאַרדאַרבן.

דאָך אין דער צוקונפט האַלט מיין ליד איר שטאַנד.
און לויבט דיך, טראָץ איר אַכזרדיגע האַנט.

* סאָנעט — 60 : די אומווירדיגקייט פון לעבן. דער דאָזיקער סאָנעט איז איינער פון שעקספּירס פּערפעקטע סאָנעטן פון דעם אינטראָספּעקטיוון סאָרט. דער סאָנעט איז געבויט אויף דעם זיג, וואָס פּאָעזיע האָט איבער צייט.

# סאָנעט 61*

איז דיין פֿאַרלאַנג מיין שלומער אָפּצואוועהרן
פֿון מיינע מידע ברעמען יעדע נאַכט?
ווילסטו די רו מיך דורך דעם שאָטן שטערן,
וואָס קוקט־אוים דו, און חוזק פֿון מיר מאַכט?

איז עס דיין גייסט, וואָס ווערט געשיקט פֿון דיר,
פֿון ווייט, און מיינע טאָטן אונטערזוכט,
אום אויפֿצוזוכן שאַנד און לוסט אין מיר —
דער צוועק און אינהאַלט פֿון דיין אייפֿערזוכט?

אָ, ניין, דיין ליבע איז ניט פֿון גרוים ווערט;
ס'איז מיין האַרץ, וואָס איז אויף דער וואַך און טריב;
מיין אייגענע ליבע מיר מיין רו צעשטערט,
ווייל איך שפּיל שטענדיק וועכטער דיר צוליב.

כ'וואַך פֿאַר דיר דאָ, און דו וואַכסט אין דער ווייט,
פֿון מיר אַוועק, מיט אַנדערע ביי דיין זייט.

---

* סאָנעט — 61: דער וועכטער וואַכט, דאָך גאָר אומזיסט. דער דיכטער באַקלאָגט זיך דאָ, אַז כאָטש זיין שטאַרקע ליבע שטערט זיין רו און האַלט אים שטענדיק וואַך, דאָך קריגט ער ניט צוריק קעגענזייטיגע ליבע. זיין האָפֿענונג איז צעשטערט און זיין אילוזיע איז צערינען. דער סאָנעט פֿאַרמאָגט דעליקאַטע פּאַטעטישקייט און פֿאָרוואורף.

# סאָנעט 62*

די זינד פון אייגן ליבע האַלט מיין אויג,
מיין גייסט און יעדן טייל וואָס אין מיר איז;
און צו דער זינד קיין הילף, קיין מיטל טויג,
זי איז אין האַרץ געקריצט ווי מיט אַ שפּיז.

קיין פּנים, דוכט זיך, שיינט ניט גלייך ווי מיין;
קיין קערפּער, אַזוי טריי און עכט זיך צייגט:
און איך באַשטים פאַר זיך מיין אייגן „זיין",
דער איך, וואָס אַלץ און אַלצדינג איבערשטייגט.

דאָך ווייזט דער שפּיגל מיר מיין וואָרן וועזן,
פון גרויען עלטער שוין צעקאַרבט אַצינד.
מוז איך די אייגן־ליבע אַנדערש לעזן;
צו ליבן זיך אַזוי — וואָלט זיין אַ זינד.

ס'איז דו, מיין איך, וועם כ'שענק מיין לויב אַוועק,
און מאָל מיין עלטער אויס מיט יונגע טעג.

---

סאָנעט 62: — ליבע איז אַ זינד, ווייל עגאָאיסטיש. דער סאָנעט אַנטוויקלט דעם באַגריף פון איינבילדונג, אַז זעלבסטליבע איז דאָס זעלביקע ווי פריינט'ס ליבע. דאָך האַלט דער דיכטער, אַז זעלבסט־ליבע איז אַ זינד, סיידן ווען די זעלבסט־ליבע שפּיגלט־אָפּ די ליבע צו זיין פריינד, ווען ניט איז עס עגאָאיזם און פוסטער שטאָלץ.

## סאָנעט 63*

ווען ס'וועט מיין ליבסטער זיין ווי איך בין איצט,
פארמאטערט פון דער בייזער האנט פון צייט,
זיין בלוט פארצערט, זיין שטערן איינגעקריצט
מיט קנייטשן, און זיין פריע יוגנטקייט —

צום נאכט'קן גרונט פון טריבן עלטער שלייכט,
און אלע שיינקייטן, גאר אן א ברעג,
וואס איצטער ער באהערשט, פון אים שוין ווייכט,
און גנבעט שטיל זיין פרילינגס־שאץ אוועק;

פאר יענער צייט וויל איך מיך איצט באהיטן
אנטקעגן צייט'ס פארניכטנדיגער שווערד,
אז זי זאל קיינמאל זיינע אנדענקס־בליטן,
כאטש ער איז טויט, פארטיליגן פון דר'ערד.

זאל יעדער זען זיין שיינקייט אין מיין ליד,
ווייל אין מיין ליד ער אייביק לעבט און בליט.

---

* סאָנעט 63 : — צו להכעיס צייט, בלייבט דאָס ליד אומשטערבליך.
סאָנעטן 63־65 נעמען אויף ווידער די טעמע פֿון דעם קריג וואָס פּאָעזיע האַלט אָנטקעגן צייט, פֿאַרניכטענדיקער שווערד, און פּאָעזיע געווינט דורך אומשטערבלעכקייט.

## סאָנעט 64*

ווען איך האָב צוגעזען ווי ס'האָט די האַנט
פון צייט, די שטאָלצע רייכטימער צעשטערט,
און העכסטע טורעמס אָפּגעווישט פון לאַנד,
און דויעריקער מעש אַ שקלאַף צום מענטשן ווערט;

ווען כ'האָב געזען ווי דער אָקעאַן,
דער הונגעריקער, ברעגן לאַנד געווינט,
און ווי די פעסטע ערד גרייפט אָן אים דאַן,
און איינס וואַקסט-אויף ווען ס'אַנדערע פאַרשווינדט;

ווען כ'האָב זיך צוגעקוקט צום איבערבייט
און אונטערגאַנג פון זאַכן אָן אַ שיעור —
בין איך געקומען צום געדאַנק, אַז צייט
וועט רויבן אויך מיין ליבסטע גיך פון מיר.

אַזאַ געדאַנק — איז טויט; און ס'טוט נאָך באַנג:
צו ליבן, וואָס מען קען ניט האָבן לאַנג.

## סאָנעט 65*

ווען בראָנז און שטיין און לאַנד און אָקעאַן
פֿון טרויעריקער שטערבליכקייט קומט אום,
ווי קען די שיינקייט משפּט האַלטן דאָן,
אַז ס׳איז איר שטאַנד ניט שטאַרקער ווי פֿון בלום?

אַך, ווי זאָל זומער׳ס זיסער הויך באַשטיין
אין דעם צעשטערונגס־קאַמף פֿון בייזע טעג,
ווען ס׳מוז דער פֿעלז, דער מעכטיקסטער, צעגיין
און פֿעסטער טורעם פֿאַלט פֿון צייט אַוועק?

אָ, שרעקלעכער געדאַנק! וואו זאָל, מיט גליק,
צייט׳ס עדעלשטיין באַהאַלטן זיך פֿון צייט?
ווי האַלט מען זיינע פֿלינקע פֿיס צוריק?
ווי שיצט מען שיינקייט פֿון פֿאַרגאַנגלעכקייט?

אָ, סיידן ווען אַ וואונדער נאָר געשעט:
פֿון שוואַרצן שריפֿט, מיין ליבער, העל אויפֿגייט!

## סאָנעט 66 *

פון אַלץ שוין מיד, דעם קבר'ס רו איך רוף!
ווען כ'זע פאַרדינסט צו בעטלען איז געבאָרן,
און הוילער נישט, באַצירט מיט פרייד זיין גוף,
און עכטע טריישאַפט גייט אָן פרייד פאַרלאָרן.

און הויכע ווירדע — נימט אויף רעכטן שטאַנד,
און יונגפרוים טוגענד — ווערט ברוטאַל געשענדט,
און רעכטע קענטשאַפט — רעכטלאָז און צו שאַנד,
און גרויסע קראַפט — דורך לאָמער מאַכט פאַרשווענדט.

און קונסט דורך הערשאַפט שטאַמלען ווערט געמאַכט,
און דומהייט — קאָנטראָלירט געשיקטקייט, רעכט,
און ערלעכקייט — אַלס נאַרישקייט פאַרלאַכט,
און שלעכטס ווערט הערשער, און דאָס גוטס—זיין קנעכט:

פון דעם אַלץ מיד, וואָלט איך געוואָלט פאַרגיין,
א שאָד נאָר, — ליבסטער בלייבן וואָלט אַליין.

---

* סאָנעט 66 : — מיט אַ צעבראָכענע האַרץ. דער דיכטער איז מיד פֿון לעבן צוליב די אַלע רשעותן וואָס הערשן אויף דער וועלט. ער וואָלט וועלן שטאַרבן, נאָר ס'איז אים אַ שאָד וואָס ער וועט דאַרפֿן איבער־לאָזן דעם ליבסטן אַליין.

סאָנעטן 66 ביז 68 באַשרייבן שעקסגירס „בייזע צייטן”, וואָס זיינען אין געגענזאַץ צום דיכטער'ס פֿריינד'ס פֿאָלקאָמענקייט, וואָס דינט אַלס אָנדענק פֿון בעסערע צייטן.

## סאָנעט 67 *

פאַרוואָס, אַך, לעבט ער אין פאַרסמטער לופט
און מיט זיין נאָענטקייט צירט ער וואָס געמיין,
אַזוי, אַז זינד דורך אים זיך פרעך באַרופט
און מיט זיין שיינקייט פוצט זי זיך אליין?

פאַרוואָס זאָל פאַלשער פאַרב זיין באַק פאַרשטעלן
און רויבן לעבעדיקן אויסדרוק גאָר?
דאַרף אָרימע שיינקייט שאָטן־רויזן וועלן,
ווען זיין רויז גליט מיט לעבן אויף דער וואָר?

וואָס לעבט ער, ווען עס איז נאַטור באַנקראָט,
און ווייזט קיין טראָפּן לעבעדיק בלוט אַרוים?
ווען זי קיין אַנדערן אויסער אים ניט האָט,
און, שטאָלץ מיט פיל, לעבט אויף זיין חשבון בלויז.

אים גיט זי, אום צו ציינגן איר פאַרמעג
פון צייטן פון אַמאָל, שוין לאַנג אַוועק.

---

* סאָנעט 67 און 68 : — שיינקייט — טריי געבאָרענע און פֿאַלשע.
אין סאָנעטן 67 און 68 באַדויערט שעקספּיר אפשר פֿאַרוואָס זיין עכט שיינער פֿריינט דאַרף געברויכן קאָסמעטיקס, ווען ער קומט צווישן זיינע פֿריינט. אַנדערע קאָמענטאַטאָרס פֿון שעקספּיר טייטשן אויס, אַז דאָס באַדויערט ער „די „פֿאַלשע קונסט" מיט וועלכער אַנדערע דיכטער חילן עס פֿאַראייביקן זיין פֿריינט, אָדער, ער באַדויערט, וואָס זיין פֿריינט דאַרף לעבן אין אַזאַ פֿאַלשער צייט.

# סאָנעט 68*

זיין פּנים ווייזט דאָס בילד פון טעג פארלאָרן,
ווען שיינקייט האָט געלעבט ווי בלומען יעצט,
נאָך איידער שמינקע איז געמאַכט געוואָרן,
און זיך מיט חוצפּה אויף געזיכט באַזעצט;

נאָך איידער ס'האָט באַרויבט די גאָלדענע צעפּ
פון די וואָס טויט, דאָס רעכט פון קברים נאָר,
צו לעבן אויפדאָסניי אויף אַנדערע קעפּ,
אַלס אַ באַפּוץ פון שיינהייטס טויטע האָר.

אין אים, די אַלטע הייליגקייט געפינן,
אָן שום באַציר, אַליין גאָר עכט און טריי;
זיך ניט באַזומערנדיק אין פרעמדן גרינ,
קיין אַלט געוואַנט מאַכט ניט זיין שיינקייט ניי.

פון פאַלשער קונסט האָט אים נאַטור פארהיט
צו זען ווי שיינקייט האָט אַמאָל געבליט.

* סאָנעט 68 גייט צוזאַמען מיט סאָנעט 67.

## סאָנעט 69 *

דער טייל פון דיר וואָס גייט וועלט׳ס אויג פאַרביי
קען האַרצ׳ס געדאַנק ניט בעסער מאַכן גאָר;
די צונג, די שטים פון זעל, דינט דיר געטריי,
און אויך דיין פיינט גיט צו די ריינע וואָר.

אַזוי באַקרוינט דיין אויסערליכעס ווערט;
דאָך באַלד ווערט אויך פון אָט די זעלבע צונגען,
וואָס האָבן דיך געלויבט, דיין לויב צעשטערט,
ווי נאָר מען האָט דיך טיפער דורכגעדרונגען.

זיי קוקן טיפער אין דיין זעל אַריין,
און מעסטן דיינע מעשים אין דער שטום;
און אויך ווען זייער אויג געווען איז פיין,
דאָך שמעקט מיט ווילד-גראָז זיי דיין בלום.

פאַרוואָס אַנטשפּרעכט דיין אויסזען צו דיין דופט?
ס׳איז ווייל דו וואַקסט אין ניט קיין ריינער לופט.

* סאָנעטן — 69 און 70: ליוב און טאַדל — זייערע ווערטהן. דעם דיכטער וואונדערט, וואָס די זעלבע מענטשן וועלכע האָבן זיין פֿריינד פֿריער געלויבט האָבן אים אָנגעהויבן נאכהער צו טאַדלען. ער זעט די שולד ניט אין זיין פֿריינד, נאָר אין די מיאוסע מענטשן מיט זייערע פֿאַלשע צינגער.

סאָנעט 69 און 70 זעען אויס צו זיין אַ פּאָר, וואָס באַהאַנדלען אַ סקאַנדאַל פֿון וועלכן שעקספּיר׳ס פֿריינד האָט געליטן.

## סאָנעט 70*

דאָס וואָס מען טאַדלט דיך איז ניט דיין שאַנד,
פאַרלוימדונג'ס פייל טרעפט שטענדיק דאָס וואָס שיין;
פאַרדאַכט איז אויך דער שיינהייט'ס צירונג-באַנד
אַ קראָ וואָס פליט אין הימלען בלוי און ריין.

זיי גוט, און דורך פאַרלוימדונג שטייגט דיין ווערט
נאָך מערער פיל, ווייל ביזט באַליבט פון צייט;
דעם וואָרעם אויך די שענסטע בלום באַגערט,
און דו דערשיינסט אין אומבאַפלעקטער קלייד.

דו ביזט אַדורך געפאַר פון יונגע טעג
גאַנץ אומבאַרירט, צום העלדן-זיג — פון שלאַכט;
דאָך אָט דער לויב שטעלט הויך ניט דיך אַוועק,
אַז ס'זאָל באַזיגן קנאה און פאַרדאַכט.

און ווען פאַרדאַכט וואָלט ניט פאַרשטעלט דיין שיין
מיליאָנען הערצער וואָלטן קנעכט דיר זיין.

---

* אין דעם סאָנעט פאַרטיידיקט דער דיכטער זיין פריינד קעגן פאַר־דאַכט און פאַרלוימדונג פון זיין צייט, ווייל, ווי געזאָגט, אין פריערדיקן סאָנעט: ס'איז ניט דעם פריינד'ס שולד, נאָר די בייזע מענטשנס שולד, און פאַרלוימדונג טרעפט מיט אירע פיילן שטענדיק—אויף וואָס עס איז שיין.

## סאָנעט 71*

דו זאָלסט ניט טרויערן ווען איך בין טויט,
ווען דו וועסט פון די טריבע גלאָקן הערן
אַז כ'האָב פאַרלאָזט די בייזע וועלט אין קויט,
און וועל מיט שמוציקע ווערים חבר ווערן.

ניין, ווען דו לייענסט מיך, ניט טראַכט פון האַנט,
וואָס האָט געשריבן; ווייל כ'האָב דיך ליב אַזוי,
אַז כ'וואָלט ניט וועלן ווערן גאָר דערמאָנט
אין דיין געדאַנק, וואָס וואָלט פאַרשאַפט דיר ווײ.

איך זאָג: אויב וועסט אַ קוק טאָן אויף מיין ליד,
ווען איך וועל אפשר שטויב מיט שטויב שוין זיין,
דערמאָן מיין אָרים נאָמען דאַן אויך ניט;
נאָר וועלקן לאָז מיט מיר די ליבע דיין.

ווען ניט, לאַכט־אויס די קלוגע וועלט דיין לייד,
ווען איך וועל זיין פון לעבן אָפּגעשיידט.

---

* סאָנעטן 71—74: די שאָטנס פֿון טויט. סאָנעטן 51 — 74 שאַפֿן אַ מערקווירדיקע און שטאַרקע גרופּע, אין וועלכער דער דיכטער פֿאַרטראַכט זיך וועגן טויט. די דאָזיקע סאָנעטן פֿאַרמאָגן פּאַטאָס און טיפֿן ערנסט. דער דיכטער, אָן צווייפל, געוואָרענט פֿון פֿיזישע סימפּטאָמען, פֿילט, אַז זיינע יאָרן זיינען געציילטע און ער פֿאַרטיפֿט זיך אין זיין אייגענעם סוף.

# סאָנעט 72 *

אין פאַל די וועלט וועט בעטן דיך באַריכטן
דאָס ווערטפולע אין מיר, וואָס דו טוסט ליבן —
זאָלסט ליבערשט מיין געדעכניש, פריינד, פאַרניכטן,
ווייל ס׳האָט קיין ווערט קיין זאַך, וואָס כ׳האָב געשריבן:

בלויז ווען דו וועסט מיט ליגן זיך באַנוצן,
צו טאָן פאַר מיר פיל מער ווי איך בין ווערט,
און קענסט מיט פיל מער לויב מיין איך באַפּוצן,
ווי ס׳האָט די קאַרגע וואַרהייט מיר באַשערט:

אָ, ס׳זאָל דיין ליבע פאַלש זיך ניט דערהערן,
ווען דו, אוים ליבע, פאַלשקייט רעדסט פון מיר,
מיין נאָמען זאָל מיט מיר באַגראָבן ווערן —
ניט לעבן מער צו שאַנד פאַר מיר און דיר.

פאַר מיר, וואָס איך אַזעלכעס שאַף און גיב,
פאַר דיר, וואָס דו האָסט נישטיגעס גאָר ליב.

## סאָנעט 73*

דו זעסט די צייט פון יאָר אין מיר אַצינד,
ווען ס'הענגען בלעטער עטלעכע, ניט מער,
אויף בוים, זיך טרייסלענדיג פון קאַלטן ווינט,
ווען וויסט דער נעסט — פון זיינע פייגל לער.

דו זעסט אין מיר דאָס אוונט-ליכט פון טאָג,
וואָס אין דעם לעצטן זונען-שטראַל זיך שפּיגלט,
און ס'וועט די נאַכט באַלד נעמען אים אוועק
צום שלאָף, ווי טויט, וואָס אַלץ אין רו פאַרזיגלט.

דו טוסט אין מיר אַ גליהיג פייער זען,
וואָס אויף דעם אַש פון אייג'נער יוגנט ליגט;
און אויף דעם טויטן-בעט ,וואו ס'מוז פאַרגיין,
דורך וואָס מ'האָט זיך גענערט, דורך דעם באַזיגט.

און ווייל דו פילסט עס, ווערט די ליבע גרויס
צו דעם געשיידט אויף לאַנג, צו ליבן הייס.

---

* סאָנעטן — 73 און 74 : דאָס אָנקומען פון טויט. אין די דאָזיקע סאָנעטן ווערט אויסגעדריקט דער געפיל, ווען דער דיכטער דערפילט שוין די דערנענטערונג פון טויט.

# סאָנעט 74*

דאָך זיי געטרייסט: ווען ס׳וועט דער טויט אהין
אָן אויסלייז-געלט פון דאַנען מיך פאַרטרייבן,
געפינט מיין לעבן דאָך אין ליד אַ זין,
וואָס וועט אַן אָנדענק אייביק פון דיר בלייבן.

און ווען דו לייענסט עס, דאַן מערקט דיין בליק
מיין טייל, די בעסערע, געווידמעט דיר;
דאָס ערדישע גייט צו דער ערד צוריק;
מיין גייסט איז דיין — דאָס בעסערע אין מיר.

דו האָסט אין מיר פאַרלאָרן בלויז דאָס ערד,
דעם וואָרעמ׳ס רויב, פון טויטן גוף אליין,
אַ פייגלינג׳ס זיג פון מערדער׳ס טויטן-שווערד,
צו-נידעריג פון דיר דערמאָנט צו זיין.

די ווערט איז די, וואָס ס׳איז אין ליד פאַרוועבט,
און ליד — איז גייסט, וואָס אייביק אין דיר לעבט.

## סאָנעט 75*

ביזט פאַר מיין זעל, וואָס ס׳איז פאַר לעבן שפּייז,
צי ווי דער פרישער טוי איז פאַר דעם פעלד;
צוליב דיין פרידן בין איך גלייכערווייז
אין שטרייט, ווי ס׳איז דער קאַרגער מיט זיין געלט;

דאָ בין איך שטאָלץ פון גרוים גענוס, דאָ באַנג,
און ציטער ס׳זאָל די צייט מיין שאַץ ניט רויבן;
דאָ, זיין מיט דיר אַליין איז מיין פאַרלאַנג,
און דאָ, ס׳זאָל אויך די וועלט מיין גליק מיר גלויבן.

אָפּט זעטיק איך זיך קוקענדיק אויף דיר,
אַן אַנדערשמאָל איך שמאַכט נאָך דיינם אַ בליק;
בלויז דאָס, וואָס קומען מוז פון דיר צו מיר,
באַטראַכט איך אַלס מיין אייגנטום און גליק.

האַלב בין איך זאַט, האַלב שמאַכט איך דורך די טעג,
אָט זאַט מיט אַלץ, און אָט איז אַלץ אַוועק.

---

* סאָנעטן 75 — 77: באַנייטע ליבע. די סאָנעטן 75 — 77 זיינען אינדיווידועל: די ערשטע צוויי באַנייען די טעמע פון פערזענלעכן לויב; דער דריטער סאָנעט זעט אויס צו זיין געשריבן צו אַ פריינד אויס אַ מתנה אין אַן אַלבום.

דער קאָמענטאַטאָר פּאַן מאַונץ גלויבט, אַז דער סאָנעט 75 איז ניט אַדרעסירט צו אַן איינצעלנעם פריינד פון דעם דיכטער, נאָר צו ליבע אין אַלגעמיין אַלס אַן אַבסטראַקט.

## סאָנעט 76 *

פאַרוואָס מיין פערז איז לער פון שטאָלץ און ווייט,
פון ענדער און פון וואַריאַציע פריי?
פאַרוואָס איך ווענד מיין בליק ניט צו דער צייט,
נאָך סטיל פון היינט און נאָך מעטאָדן ניי?

פאַרוואָס כ׳שרייב שטענדיק אין איין שטייגער בלויז,
און מיין געדאַנק טראָגט דעם באַקאַנטן קלייד,
אַז יעדעם וואָרט זאָגט גרינג מיין נאָמען אויס,
און ס׳ווייזט אויך באַלד פון וואַנען עס קומט גרייט?

אָ, וויס, מיין פריינט, כ׳שרייב שטענדיק נאָר פון דיר,
און דו און ליבע זיינען אַלץ מיין שטרייט;
מיין שעהנסטע: אַלטער וואָרט מיט נייעם ציר,
און וואָס איך האָב געשענקט, איך שענק באַנייט.

ווייל ווי די זון פאַרגייט און ניי אויפשטראַלט,
אַזוי מיין ליבע זינגט, אויפסניי וואָס אַלט.

---

* ביטשינג, איינער פֿון שעקספּירס קאָמענטאַטאָרס, האַלט, אַז מיט דעם סאָנעט הויבט זיך אָן אַ נייער סטיל, וואָס באַהאַנדלט שעקספּיר׳ס דיכ־טונג אין פֿאַרגלייך מיט די אַנדערע דיכטער פֿון זיין צייט. דער קאָמענ־טאַטאָר דאַודען דענקט ווידער, אַז דער סאָנעט איז געשריבן פֿון שעקספּיר אַלס אַן אַפּאָלאָגיע, ווייל דער דיכטער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרדעכטיקן, אַז זיין פֿריינד הויבט אָן מיד ווערן פֿון די סאָנעטן.

## סאָנעט 77*

ווי דיינע חן׳ען שווינדן, ווייזט דיין שפּיגל,
דיין זייגער ווייזט ווי די מינוטן איילן;
ווּעסט שטעמפּלען אין דעם בוך דיין גייסטיקן זיגל,
און לערנען שיינס און גוטס פון זיינע צײַלן.

די קנייטשן וואָס דיין שפּיגל ווייזט דיר קלאָר
דערמאָנען דיך אין גריבער טיף און ברייט;
און דורך דיין זייגערס גאַנג ווייסטו אויף וואָר
צייט׳ס טריט זיך גנבענדיג צו אייביגקייט.

און זע! וואָס דיין זכרון נישט געדענקט,
פאַרטרוי די בלעטער, און עס וועלן דרייסט
די קינדער, וואָס דיין האַרץ האָט דיר געשענקט,
אויפסניי אַ פריינטשאַפט שליסן מיט דיין גייסט.

די לייסטונגען, ווען נאָר דו גיסט אַ בליק,
באַרייכערן דיין בוך און ברענגען גליק.

* דעם סאָנעט האָט שעקספּיר געשיקט צו זיין פריינד צוזאַמען מיט אַן אַלבום.

# סאָנעט 78*

כ'האָב אָפט באַדאַרפט דיך פאַר מיין פערזן־שפּיל,
און ס'האָט דיין פריינטליך הילף מיין פערז באַגייסטערט,
אַז יעדע פעדער מאַכט מיר נאָך מיין סטיל
און דורך דיין ביישטאַנד זי איר דיכטונג מייסטערט.

דיין בליק, וואָס לערנט אויך דעם שטומען זינגען,
און פליגל צו דעם פּראָסטן לייען ווערט,
באַפליגלט ניי ־דאָס שוין צעשווינגטע שווינגען
און גיט־צו שיינקייט, קראַפט און מאַיעסטעט.

נאָר זיי מיט מיין ליד שטאָלצער און מער גרויס,
ווייל ס'איז מיין שאַפן דיין, און ס'קוועלט פון דיר:
ביי אַנדערע דעם סטיל פאַרריכטסטו בלויז,
און קונסט געווינט אין צויבער דורך דיין ציר;

דאָך דו ביזט מיין קונסט און דערהויבן ווערסט,
אַזוי, ווי דו מיין רויע קונסט באַלערסט.

---

* סאָנעטן — 78 ביז 87: אַ קאָנקורענט צו דעם דיכטער. די סאָנעטן 78 ביז 87 (מיט דער אויסנאַם פון סאָנעט 81) שטעלן פאָר אַ נייע און אינטערעסאַנטע טעמע. דער פריינד, ווי מען האַלט, איז עס סאַוטהעמטאָן, צו וועמען שעקספּיר אַדרעסירט די סאָנעטן, רופט זיך אָפּ אָפט מיט הילף און שוץ, דאָך אַנדערע דיכטער דראָען שעקספּירן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ און די הילף און די ליבע וואָס יענער פריינד שענקט אים.

## סאָנעט 79 *

ווען איך אַליין האָב הילף פֿון דיר געבעטן,
האָט דאַן מיין ליד פֿאַרמאָגט דיין חן און שאַץ,
איצט וועלקן מיינע איידעלע סאָנעטן,
מיין קראַנקע מוזע מאַכט פֿאַר אַנדערע פּלאַץ.

געוויס, די ליבשאַפֿט, וואָס דיין האַרץ באַהאַלט,
פֿאַרדינט די מי פֿון גרעסערע מייסטער־שטיק;
דאָך וואָס דיין דיכטער זינגט פֿון דיר און שאַלט
דאָס רויבט ער דיך און צאָלט עס דיר צוריק!

ער לייהט די טוגנט און ער רויבט דאָס וואָרט
פֿון דיר אַליין, ער טוט דיר שיינקייט געבן,
און זעט אין דיין געזיכט די שיינקייט דאָרט;
אַלץ וואָס ער רימט, דאָס רוהט דאָך אין דיין לעבן.

ניט דאַנק אים וואָס ער לויבט דיר אָן אַ שיעור,
ווייל דו אַליין באַצאָלסט זיין חוב צו דיר.

# סאָנעט 80 *

אָ, ווען איך שרייב פון דיר, ווער איך פארשלאפט,
ווייל ס'לויבט אַ גייסט, אַ בעסערער, דיין נאָמען,
וואָס פאר דיין רום פארצערט ער גאר זיין קראפט,
צו מאכן מיר מיין צונג ווי אָפּגענומען.

דאָך ווייל דיין ווערט, ברייט ווי דער אָקעאן,
טוט שטאָלצע און באשייד'נע שיפן טראָגן, —
לאָז איך מיין פרעכן גרינגען זעגל דאָן
אויף דיינע מעכטיגע כוואַליעס אויך זיך יאָגן.

כ'שווים רואיג אויף דיין שוואַכסטן וואַסער־פלאַך,
ווען ער טוט פאָרן אויף דיין טיפסטער טיף,
און זינק איך, זינקט אַ שיפל קליין און שוואַך,
ווען ער איז אַזאַ שטאַרקע, שטאָלצע שיף.

און ווען אים גליקט, און איך — פארזונקען לאַנג,
דאָן, איז מיין ליבע מיר מיין אונטערגאַנג.

---

* מאַרלאָו, איינער פֿון שעקספּיר'ס קאָמענטאַטאָרס, דענקט, אַז דער סאָנעט און די אַנדערע פֿון דער זעלבער גרופּע, האָט שעקספּיר אָנגע־שריבן ווען זיין נאָמען איז נאָך ניט געווען אַזוי באַוואוסט. ספּענסער איז דאַן געשטאַנען אויף זיין העכסטער הויך און ס'איז זייער מעגליך, אַז שעקס־פּיר מיינט עס אים, ווען ער דייטעט אָן אַן אַנדער דיכטער אין די סאָנעטן.

# סאָנעט 81*

צי איך וועל זיין דיין עפּיטאַף צו דיכטן,
צי דו נאָך דאָ, ווען איך בין אוים געוואָרן;
דער טויט קען דאָך דיין אָנדענק ניט פאַרניכטן,
ווען יעדער שפור פון מיר וועט זיין פאַרלאָרן.

דיין נאָמען וועט ביז אייביקייט זיך נייגן
און איך — ווען טויט, בלייב טויט פאַר גאָר דער וועלט;
מיך וועט מען אין אַ פּראָסטן אָרון לייגן
און דו — דו לעבסט אין מענטשנ׳ס גייסט באַהעלט.

דיין דענקמאָל וועט מיין צאַרטע דיכטונג זיין,
וואָס אויגן אין דער צוקונפט וועלן לעזן,
און צינגער וועלן ריידן פון דיין „זיין״,
ווען מענטש פון „איצטער״ וועט שוין זיין „געוועזן״.

דו וועסט אין מענטשנ׳ס טיפן אָטעם הויכן —
דאָס קען די טוגנט פון מיין דיכטונג גרייכן!

---

* סאָנעט — 81: Vero Nie Verius
(קיין זאַך איז ניט מער אמת׳דיג ווי דער אמת).
דער דאָזיקער סאָנעט, ווי אייניקע אַנדערע צווישן שעקספּירס סאָנעטן, באַהאַנדלט די טעמע פון „דיכטונג און טויט״, ווי דעם דיכטערס פריינד וועט אייביג לעבן אין זיין ליד.

# סאָנעט 82 *

יאָ, צו מיין מוזע ביזטו ניט פאַר'קנס'ט,
דעריבער שענק ניט־שעמעוודיג דיין בליק
אויף יעדער ווידמונג וואָס עס ווערט פאַרפאַסט
צו רימען דיך, — און בענטש דאָס ליד מיט גליק.

ביזט חכמה־רייך ווי אויסערליך אין ציר,
דיין ווערט גייט ווייטער ווי מיין לויב אַוועק,
דעריבער מוזטו אויפזוכן פאַר דיר
אויפסניי אַ פרישן וואָרט פון נייע טעג.

יאָ, טו עס, ליבסטער! דאָך ווען ס'ענדיקט זיך
ביי זיי די שטייפע רייד, דורך קונסט באַשיינט,
וועט שיינקייט אויף דער אמת'ן דערהויבן דיך
דורך ווערטער פון אַן אמת'דיקן פריינט;

ווייל זייער פּראַסטע פאַרב מאַכט בלייכע יונג,
פאַר דיר דאָך איז עס ווי אַ לעסטערונג.

---

* שעקספּירס קאָמענטאַטאָר לי, דענקט אויך, אז אין דעם דאָזיקן סאָנעט האָט דער דיכטער געהאַט אין זינען די סאָנעטן און אַנדערע ווערק, וואָס זיינען געווידמעט געוואָרן צום גראַף פֿון סאַוטעמפּטאָן, וועלכער איז געווען אַ פֿריינד און אַ מעצענאַט פֿון פּאָעטן.

# סאָנעט 83*

אַז פאַרב דיר פעהלט, האָב איך נישט איינגעזען,
דערפאַר האָב איך דיין שיינקייט נישט געמאָלט;
ווייל, ווי מיר דאַכט, דו איבערשטייגסט אַליין
דאָס אָרימע געשאַנק פון דיכטער'ס שולד:

דעריבער דיך צו לויבן האָב איך פיינט,
כּדי דיין אייגן־ווערט זאָל איבערצייגן,
ווי הינטערשטעליג ס'איז אַ דיכטער היינט,
ווען ער באַזינגט דיין ווערט און הויכן שטייגן.

דו ווילסט מיין שווייגן אַלס אַ זינד בעדענקען,
ווען שווייגן, שטומען דאַרף מיין טוגנט זיין;
איך שווייג, כּדי די שיינקייט נישט צו קרענקען,
ווען לויב פון אַנד'רע ווערט די שאַנדע דיין.

אויך אין איין אויג ביי דיר איז דאָ מער לעבן,
ווי ס'קענעןביידע דיכטער לויב דיר געבן.

# סאָנעט 84*

ווער זאָגט דען מער, וואָס קען דיך העכער לויבן
ווי ס׳רייכע אויסדרוק: דו אַליין ביזט דו?
דאָס שליסט אין דיר אַלץ איין — דיך צו דערהויבן,
דאָ ליגט דער מוסטער און די מאָס דערצו.

די פּען איז אָרים, ווייניק זי פאַרמאָגט,
ווען זי מיט גלאַנץ איר דיכטער ניט באַערט;
דאָך דער, וואָס שרייבט פון דיר, און אויב ער זאָגט:
„אַז דו ביזט דו", גיט־צו דער דיכטונג ווערט.

זאָל ער דיר געבן, וואָס ס׳איז דאָ אין דיר,
און ניט פאַרדאַרבן וואָס נאַטירלעך טריי,
דיין אָפּבילד וועט אים רימען דאָן אָן שיעור,
דאָס שאַפן זיינס געריממט וועט זיין און פריי.

אַ קללה טרעפט דיין שיינקייט׳ס איבערפלוס,
ווייל זוכסט זיך לויב, וואָס דיך פאַרשעמען מוז.

## סאָנעט 85*

מיין מוזע האַלט זיך שטיל, מיט טאַקט, און שווייגט,
בשעת מען זינגט דיר לויב אין רייכע ציילן,
און שטאָלץ פאַרשריבן ווערט דאָס ליד און שטייגט
אין שיינע ווערטער, וואָס די מוזעס פיילן.

איך דענק נאָר גוטס — ווען יענע שרייבן גוטס,
און ווי דער קירכן־דינער זאָג איך „אָמן" —
צו יעדער הימנע, וואָס פאַרטראָגט דעם פוץ
פון שיינער פאָרמע און פון פיינע גראַמען.

ווען כ'הער דיך לויבן, זאָג איך: „יאָ, ס'איז וואָר",
און אָפט האָב איך צום לויב נאָך צוגעזעצט;
נאָר דאָס בלויז אין געדאַנק, אין האַרצן נאָר,
וואו ליבע קומט צוערשט, און וואָרט צולעצט.

דערפאַר פאַר זייער וואָרט, זיי רעספּעקטיר,
און פאַר מיין דענקען שטום — באַדאַנק בלויז מיר.

## סאָנעט 86 *

איז דאָס געווען זיין שטאָלצער שוואונג־געזאַנג,
באַוועגט פון דיין באַלוינונג אַזוי גוט,
וואָס האָלט מיין ליכטיגן געדאַנק אין צוואַנג,
און וואו געבוירן, דאָרט באַגראָבן רוט?

איז עס זיין גייסט, פון גייסטער רייך געמאַכט,
מיט איבער־ערדישער קונסט, וואָס מיך דערשטיקט?
אָ, ניין, ניט דער, ניט יענער, וואָס ביינאַכט
אים העלפן, האָבן מיר מיין פערז צעפליקט.

ניט ער און ניט זיין אָנפאַרטרויטער גייסט,
וואָס פילט אים אָן מיט חכמה יעדע נאַכט,
אַלס זיגער קענען זיי זיך רימען דרייסט, —
די האָבן איבער מיר דאָך ניט קיין מאַכט:

נאָר וואָס דיין בילד האָט אויסגעפילט זיין ליד,
געמינערט האָט מיין שאַפן, מיין געמיט.

## ס אָ נ ע ט 87 *

זיי מיר געזונט! מיט דיר זיין איז פאַרשוועכונג,
און דו ווייסט וואויל, ווי הויך עס גרייכט דיין ווערט;
דיין אויסערוויילטקייט גיט דיר די באַפרייאונג,
מיין גאַנצע רעכט אויף דיר האָט אויפגעהערט.

צי האַלט איך דיך ניט ווייל ס׳איז דיין פאַרלאַנג?
און וואו איז מיין געווינס דורך אָט דעם גליק?
איך וויים ניט צי מיר קומט אַזאַ געשאַנק,
דעריבער וואַנדערט דיין גענאָד צוריק.

האָסט זיך געגעבן, איז עס אַ פאַראירונג
פון זעלבסטבאַוואוסטזיין, אָדער אַ פאַרבלענדונג;
דעריבער גייט דיין גאַב, צוליב פאַרווירונג,
צוריק צו דיר, לויט בעסערער אורטייל׳ס ווענדונג.

כ׳האָב דיך געהאַט, אַ טרוים וואָס טוט פאַרשוועבן,
אַ קעניג אין מיין שלאָף, אַ נישט — אין לעבן.

---

* עס איז צו באַמערקן, אַז אין דעם זיי־געזונט סאָנעט וואָס שעקספיר האָט געווידמעט זיין פריינד, בייט זיך אין דעם אָריגינאַל פלוצים דער גייסט פון דעם פערז און די גאַנצע מעלאָדישקייט. די גראַמען זיינען אין דעם אָריגינאַל דורך און דורך דאָפּעלע, וואָס ווייזט אָן אויף דעם פלאַטערן פונ׳ם דיכטער׳ס האַרץ.

## סאָנעט 88*

ווען דו וועסט גרינג מיך שאַצן זיין באַרייט,
און מיין פאַרדינסט וועט זיין פון דיר פאַרווישט,
וועל איך אויך דאַן שטיין נאָענט ביי דיין זייט
און בלייבן דיר געטריי, כאָטש דו מיר — נישט.

ווייל כ'בין מיט אייגנער שוואַכקייט גוט באַקאַנט;
קען איך, אויב דיר צוליב דערציילן זאַכן
וואָס קענען ברענגען מיר אי שפּאָט אי שאַנד,
אַז דיין פאַרלירן מיר זאָל גרויס דיך מאַכן:

און איך וועל אויך דערמיט געווינער זיין;
ווייל צילנדיק אַלץ מיין געדאַנק צו דיר,
וועט אויך דער שאָדן כ'טו צו זיך אַליין
טאָן גוטס צו דיר, און טאָפּל גוטס צו מיר.

איך ליב דיך שטאַרק, צו דיר בלויז איך געהער,
און נעם דערפאַר אויף זיך דאָס שלעכטס וואָס מער.

---

* סאָנעטן — 88 און 89: טרייע איבערגעגעבענע פריינשאַפט נעמט אויף זיך די שולד פון פאַרפרעמדקייט. דער דיכטער מאַכט אַ פאָרוואורף זיך אַליין. די סאָנעטן 88 — 95 באַהאַנדלען ווידער די טעמע פון פאַר־פרעמד־קייט און אַנטוישונג, אָבער איצט גיכער אין טערמינען פון פריינד־שאַפט, איידער ווי די באַציאונג צו אַ פריינד אַן אונטערשטיצער, אָדער אַ מעצענאַט, ווי אין די פריערדיקע סאָנעטן.

# סאָנעט 89*

זאָג, האָסט פֿאַרלאָזן מיך צוליב מײַן שולד,
און כ׳וועל זיך בויגן פֿאַר באַליידיגונג;
רוף אָן מיך לאָם — פֿאַרלייד איך מיט געדולד,
און כ׳קום צו דיר ניט מיט פֿאַרטיידיקונג.

דו קענסט ניט האַלב פֿאַרשעמען מיך אַזוי,
צו שיידן אָפּען זיך און מיט באַדייט,
ווי כ׳טו אַליין: איך ווייס דײַן וואונטש גענוי —
צערייס איך אונזער באַנד און האַלט זיך ווייט.

עס וועט מײַן טראָט אויף דײַנע וועגן פֿעלן;
דײַן נאָמען וועט ניט קלינגען דורך מײַן קול,
כּדי איך זאָל ניט דאַרפֿן פֿאַלש דערציילן:
„מיר זענען אַלטע פֿרײַנט נאָך פֿון אַמאָל״.

פֿאַר דיר, אַנטקעגן זיך, שטיי איך אין שטרײַט:
מיר טאָר ניט נאָענט זײַן דער, וואָס איז דיר ווייט.

## סאָנעט 90 *

אויב ווילסט מיך האסן, האס מיך גלייך אצינד,
אצינד — ווען מיך די גאנצע וועלט פארפאָלגט;
צעברעך מיך, מיט מיין מזל זיך פארבינד,
און קום ניט ווי א נאָכוויי נאָכגעפאָלגט:

ניט קום, ווען ס׳איז מיין הארץ בארוט פון פלאָג,
צולעצט אריין אין א באזיגטן צער;
ניט שיק נאָך שטורם־נאכט א רעגן־טאָג, —
פארלענגער ניט דעם סוף, וואָס דראָט געפאר.

פארלאָזטו מיך, פארלאָז מיך ניט צו לעצט,
ווען כ׳האָב די קליינע ליידן דורכגעמאכט,
נאָר קום צוערשט, דאן וועל איך ווימן: יעצט
קריג איך די ערגסטע גאָב פון מזל׳ס מאכט.

און יעדע לייד וואָס זעט אוים איצטער שווער,
איז ביים פארלירן דיר, קיין לייד ניט מער.

---

* סאָנעט — 90: קום, לאָמיר זיך צוקושן און זיך שיידן.

## סאָנעט 91 *

די רימען זיך מיט קראַפט, מיט הויכן שטאַם,
און אַנדערע מיט האָב, מיט וויסנ׳ס קוואַל,
און ווער מיט רייכער קליידונג, כאָטש אָן טעם,
און ווער מיט פייגל, הינט צי פערד אין שטאַל.

און יעדער מענטש זיך שאַפט זיין אייגן שפּיל,
וואָס דאָס איז זיין געוואונס, פון גליק דער שיין;
דאָך איך האָב פאַר דעם אַלעם קיין געפיל,
איך האָב בלויז איינס, וואָס אַלצדינג שליסט שוין איין.

דיין ליבע מער ווי יחוס מיך באַערט,
און מאַכט מיין שטאָלץ, גלייך צו דער שענסטער ציר;
און ס׳פרייט מיך מער, ווי פייגל און ווי פערד,
און מער מיט דיר — איך רים זיך און שטאָלציר.

נאָר ווען דיין ליבע נעמסטו פון מיר צו,
דאַן בלייב איך אָרים, עלנט און אָן רו.

---

* סאָנעט — 91 : פריינדשאַפט פאַרזיכערט. דער דיכטער פאַרזיכערט זיין פריינד, אַז די ליבע וואָס יענער טראָגט אין האַרץ פאַר אים, איז דאָס טייערסטע פון אַלע פאַרמעגנס.

## סאָנעט 92*

דאָך טו דיין ערגסטעס, גנב׳ע זיך פון מיר
אַוועק — דו ביזט מיין לעבן לאַנג דאָך מיין,
און ס׳גאַנצע לעבן מיינס הענגט אָפּ פון דיר,
ווייל אין דיין ליבע בינדט זיך אָן מיין זיין.

די גרעסטע אומרעכט מיך דאַן ניט באַשווערט,
אַז מיט דעם קלענסטן ווערט מיין זיין פאַרלענדט;
אַ בעסער מזל כ׳זע איז מיר געהערט,
ווי דער, וואָס אין דיין ליבע בלויז זיך ווענדט;

עס קוועלט מיך ניט דיין וואַקלענדיקער זין,
זינט דיין אומטרייקייט מיך מיין לעבן דראָט.
וואָס פאַר אַ גרויסעם גליק, אָ, איך געפין,
גליק ווען דו ליבסט מיך, גליק אויך אין מיין טויט!

דאָך וואָס איז אַזוי שיין, וואָס האָט קיין פלעקן? —
דו מעגסט זיין פאַלש, נאָר כ׳וויל עס ניט אַנטדעקן!

---

* סאָנעטן — 92 און 93: די מורא, אַז דעם פֿריינדשאַפֿט וועט ניט דויערן. דעם דיכטערס אַרט שוין ניט וואָס זיין פֿריינד וועט אים ניט בלייבן טריי, אַבי ער זאָל כאָטש פֿון דעם ניט וויסן, און ער זאָל עס ניט אַנטדעקן . . .

## סאָנעט 93*

כ׳וועל לעבן, גלויבנדיק אַז דו ביזט טריי,
ווי אַ באַטריגטער מאַן; און איך וועל פאַרט
דיין ליבע מערקן, כאָטש פאַרענדערט ניי;
דיין בליק בא מיר, דיין האַרץ — אַן אַנדער אָרט.

ווייל ס׳קען קיין האַס ניט וואוינען אין דיין אויג,
דערפאַר זע איך אין דיר קיין ענדערונג ניט.
בא אַנדערע מערקט מען פאַלשקייט אין אַ בויג
פון שטערנ׳ס מאָדנעם קנייטש און אין געמיט.

דאָך גאָט, באַשאַפנדיק דיך, האָט דאַן באַפעלט,
אַז אין דיין בליק זאָל וואוינען ליבע בלויז;
און וואָס עס טוט זיך אין דיין האַרצנ׳ס וועלט
זאָל ס׳בליק דיינס ווייזן ליבשאַפט נאָר אַרויס.

ווי חוה׳ס עפל וואַקסט דיין שיינקייט דיר,
ווען אויך דיין טוגנט שטימט ניט מיט דיין ציר.

## סאָנעט 94*

ווער ס׳האָט די מאַכט און נוצט דאָך ניט געוואַלט,
ווער ס׳האַנדלט ניט ווי ער זעט אויס אַליין,
ווער ס׳רעגט אַן אַנדערע און בלייבט דאָך קאַלט
און ניט גערירט נאָר רואיק ווי אַ שטיין,

דער ירש׳נט אויף דער אמת׳ן גאָטס גאָב
און שפּאָרט די רייכטימער פון דער נאַטור;
איז בעל־הבית פון אַל זיין גוטס און האָב,
ווען אַנדערע זענען די פאַרוואַלטער נאָר.

דעם זומער׳ס בלום איז זומער׳ס זיסער ציר,
ווען אויך זי לעבט פאַר זיך אַליין און שטאַרבט,
דאָך ווען פאַרגיפטונג נענטערט זיך צו איר
דאַן ווערט זי פון געמיינסטן גראָז פאַרדאַרבט.

דורך טאַט פאַרלירט די שענסטע זאַך דעם טעם;
אַ בלום וואָס פוילט איז ערגער נאָך פון סם.

---

* סאָנעטן — 94 ביז 96: דער וואָרעם אין דער רויז. וואָס שטאַרקער די רויז שמעקט — אַלץ שנעלער פאַרוועלקט זי. די סאָנעטן 94 ביז 96 באַהאַנדלען ווידער די טעמע, וואו דער דיכטער באַקלאָגט זיך אויף אַ נאַרישקייט וואָס זיין פריינד איז קעגן אים באַגאַנגען. די סאָנעטן האָבן אַ שייכות מיט די סאָנעטן 69 און 70.

אין סאָנעט 94 מיינט דער דיכטער אַרויסצוברענגען אַז די, וועלכע קענען האַלטן זייערע ליידנשאַפטן אין צוים, די וואָס קענען איינהאַלטן צאָרן, די וואָס קענען ליבן און דאָך זיך האַלטן קאַלט, די וואָס רופן אַרויס ליידנשאַפט ביי אַנדערע און דאָך בלייבן אַליין ניט גערירט — די ירש׳נען אין דער אמת׳ן די מתנות פון הימל, ווייל זיי פאַרשווענדן נישט זייערע אינערליכע פאַרמעגנס.

## ס אָ נ ע ט 95 *

ווי ליב און חנ'עוודיק דיין שאַנד זיך צירט,
וואָס, ווי אַ וואָרם אין אַ רויז פאַרשטעקט,
דיין בליענדיגע יוגנט זי פאַרשמירט!
ווי שיין דו האָסט דיין זינדיגן פאַרדעקט!

די צונג, וואָס טוט פון לעבן דיינם דערציילן,
און וואַרפט אויף דיר אַ שענדליך-טונקלע ליכט,
מוז אין דעם טאַדל—לויב אויך ניט פאַרפעלן;
דיין נאָמען בלויז בענטשט אויך אַ שלעכט באַריכט.

וואָס פאַר אַ שלאָס, האָט זיך די זינד געוועהלט
אַלס וואוינונגס-אָרט צו האָבן דיך אַליין,
וואו שיינקייט'ס שלייער יעדן פלעק פאַרשטעלט,
און יעדע זאַך וואָס ס'איז נאָר זעט ווערט שיין!

נעם, ליבע האַרץ, דיין פאָרצוג גוט אין אַכט:
דעם שאַרפסטן שווערד האָט מיסברויך שטומפּ געמאַכט.

---

* סאָנעט — 95: דער שאַרפסטער שווערד ווערט שטומפּ ווען מיס־
געברויכט.

## סאָנעט 96*

מען זאָגט דײַן שולד ליגט אין דײַן חן און בלוט;
צי אין דײַן יוגנט און דײַן פײַנעם שפּיל;
דײַן חן און לײַכט־זין פּאַסט דיר זייער גוט;
די זינד באַ דיר געווינען חנ'ען פיל.

ווי אויף דעם פינגער פון אַ קעניגין
ווערט פאַלשער שטיין פאַר אַ בריליאַנט באַטראַכט,
אַזוי ווערט אויסגעטײַטשט אין וואָרסטן זין
דײַן פאַלשקייט און ווי טוגנט גאָר געאַכט.

ווען ווי אַ לאַם דער וואָלף וואָלט אויסגעקוקט,
אַ, וויפיל לעמער וואָלט ער דאַן פאַרפירט!
אַ, וויפיל הערצער דו וואָלסט אויך פאַרצוקט,
ווען דו וואָלסט זיך מיט גאָר דײַן רייץ באַצירט!

נאָר ניין; מײַן ליבע איז אַזוי פיל דײַן,
אַז דו ביזט מײַן און אויך דײַן נאָמען מײַן.

---

* סאָנעט — 96: וואָרנונג. דער דיכטער וואָרענט זײַן פרײַנד סאָוט־העמפּטדאָן, אַז זײַן נאָמען און זײַן צוקונפט איז אין געפאַר, ווייל ער היט נישט אָפּ זײַנע אייגענע גרויסע ווערטן, און ער גיט די געלעגנהייט צו בייזע מײַלער טרײַבן וועגן אים רכילות.

## סאָנעט 97*

גלייך ווי אַ ווינטער איז פאַר מיר געוועזן
מיין צייט אַוועק פון דיר, דו פרייד פון יאָר!
כ'האָב פראָסט געפילט און גרויע טעג געזען!
און אומעטום דעצעמבער'ס לערקייט נאָר!

דאָך איז די צייט געווען אַ זומערצייט,
אַ הערבסט מיט שפע, זאַטקייט און מיט פראַכט,
וואָס טראָגט דעם פרילינג'ס לאַסט פון לוסטיקייט,
ווי נאָכ'ן טויט פון מאַן — אלמנה'ס טראַכט.

דאָך איז דער איבערפלוס געווען פאַר מיר
נאָר האָפנונגסלאָז, פאַר'יתום'ט, פול מיט באַנג;
ווייל פרייד און זומער זיינען נאָר ביי דיר,
אַן דיר שטומט אויך דעם פויגל'ס זיס געזאַנג;

און זינגט ער יאָ — איז טרויעריק באַטאָנט,
אַז ס'בלייכט דאָס בלאַט אין שרעק: ס'איז ווינטער נאָנט.

---

* סאָנעטן — 97 ביז 99: פֿאַנאַנדערגעשיידטע פֿרייַנד.
די סאָנעטן 97, 98 און 99 זיינען געבויט אויף דער טעמע פֿון אָפּ־וועזנהייט פֿון זיין פֿרייַנד דורך די פֿאַרשיידענע סעזאָנען פֿון יאָר.

## ס אָ נ ע ט 98*

איך בין אין פרילינג־צייט געוועזן ווייט,
ווען פאַרביקער אַפּריל, אין פולער פּראַכט,
האָט אויף אַלצדינג אַ יוגנט־גייסט פאַרשפּרייט
אַז סאַטורן* איז געשפּרונגען און געלאַכט.

דאָך האָט מיך נישט געלאָקט דעם פויגלס קלאַנג,
און אויך דער דופט, דער זיסער, פון דער רויז
האָט נישט גערייצט צום זומערדיק געזאַנג,
און נישט צו פּליקן זי פון גאָרטנס שויס.

כ'האָב נישט געשעצט די ליליע, זילבער־ריין;
די רויטע רויז, זי האָט געלאָזט מיך קאַלט;
זיי זיינען בילדער רייצנדע און שיין
געפאָרעמט גראָד נאָך דיר, לויט דיין געשטאַלט.

איך האָב אָן דיר זיך ווינטערדיק געפילט,
ווי מיט דיין שאָטן זיך מיט זיי געשפּילט.

---

* סאַטורן — דער גאָט סאַטורן (אָדער דער שטערן סאַטורן) איז דער סימבאָל פון שטרענגקייט, שווערקייט און מוטיקייט.

## ס אָ נ ע ט 99 *

כ׳האָב פאַרוואורפן דער וויאָלעט געמאַכט:
„וואו האָסטו, גנבֿ׳טע, דיין דופט גענומען,
ווען ניט פון מיין געליבטערס הויך? דיין פראַכט,
די פורפורנע, צי האָסטו ניט באַקומען
פון מיין געליבטער׳ס בלוט, גאָר אונבעדאַכט?"

דער ליליע — פאַרדאַמט צוליב דיין האַנט*;
די מאַזשאַראַן** האָט נאָכגעפאַרבט דיין האָר;
די רויז — אין ציטער שטייט ביים דאָרן־שטאַנד,
די — רויט פון שאַנד, און די — פאַרצווייפלט גאָר;

אָן אַנדער בלום, ניט רויט, ניט ווייס, געוואָלט
האָט רויבן ביידן און דיין הויך באַגערט;
פאַר דעם האָט זי שוין אָבער שווער באַצאָלט:
א וואָרעם האָט איר, יונג און פריש, פאַרצערט.

איך האָב געטראָפן בלומען אָן א שיר,
וואָס האָבן דופט און פאַרב גערויבט ביי דיר.

---

באַמערקונג: דער סאָנעט איז דער איינציגער וואָס פאַרמאָגט 15 שורות אַנשטאָט 14.

* ווייל די ליליע האָט גע׳גנבֿ׳עט די ווייסקייט פון זיין געליבטער׳ס האַנט.

** די קעפלעך פון דער בלום מאַזשאַראַן פאַרמאָגן דעם גלאַנץ ווי פון האָר.

# סאָנעט 100*

וואו ביסטו, מוזע, אַז אַזוי שוין לאַנג
דו שווייגסט פון דעם, וואָס גיט דיר גאָר דיין מאַכט?
פאַרצערסט דיין פייער אויף אַ פּוסטן געזאַנג?
לייסט ליכט צו פּראָסטע, מינערנדיק דיין פּראַכט?

קום, קום, פאַרגעסענע, באַפריי גלייך יעצט
אין שיין געזאַנג די צייט, דו האָסט פאַרצערט;
און זינג צו אים, וואָס דיינע לידער שעצט
און מיט גרויס קראַפט און קונסט דיין פּען באַערט.

דערוואַך! קוק אָן מיין פריינד'ס געליבט געזיכט,
צי ס'האָט די צייט אים קנייטשן איינגעקאַרבט;
אויב יאָ, דאַן זינג מיט האַס אַ שפּאָט־געדיכט
דער צייט פאַר אַלץ, וואָס זי צערויבט, פאַרדאַרבט.

שענק רום אים שנעלער ווי די צייט צעשטערט;
און נעם דערמיט אַוועק איר קרומען שווערד.

---

* סאָנעטן — 100 ביז 106: אַן אַפּאָלאָגיע פֿון דעם דיכטער פֿאַר זיין מוזעס שווייגן פֿאַר אַ געווויסע צייט.

די סאָנעטן 100 ביז 103 גייען צוזאַמען. זיי שטעלן פֿאַר אַ מין בריוו, וואָס דריקט אויס ענטשולדיגונג פֿאַרוואָס דער דיכטער האָט אויף אַ שטיקל צייט אויפֿגעהערט שאַפֿן זיינע סאָנעטן צו זיין פֿריינד, ווייל ער איז געווען פֿאַרנומען מיט שרייבן פּיעסן פֿאַרן טעאַטער. מען דענקט, אַז דער איבעררייס פֿון צייט האָט געדויערט אַרום דריי יאָר.

# סאָנעט 101*

אָ, וואָס וועט, מוזע, דיין פאַרגיטיגונג זיין,
ווען וואַרהייט האָסט פון שיינקייט אָפּגעקערט?
די ביידע דינען דעם געליבטן מיין;
אויך דו דינסט אים, און ווערסט דורך דעם געערט.

גיב ענטפער, מוזע! ווילסטו מיר דערקלערן,
„אַז וואַרהייט דאַרף ניט זיין מיט פאַרב געמישט,
אַז שיינקייט דאַרף איר אמת ניט באַלערן;
נאָר ס'בעסטע בלייבט דאָס בעסטע, אונפאַרמישט?"

דו שווייגסט, ווייל ער דאַרף ניט קיין לויב-געזאַנג?
פאַרענטפער ניט אַזוי; אָן דיר זיך ווענדט
ער זאָל אַ דענקמאָל איבערלעבן לאַנג,
און זיין געריכט פון דורות אָן אָן ענד.

נו' נעם זיך, מוזע, כ'לערן דיך אים מאָלן:
ער זאָל, ווי איצט, אין ווייטער צוקונפט שטראַלן.

---

* סאָנעט — 101: אין דעם סאָנעט באַצייכנט שעקספּיר די חיב־טיקייט און די מאָראַלישע טוגענד פון זיין פריינד.

## סאָנעט 102 *

שטאַרק איז מיין ליבע, זי ניט שוואַכער ווערט,
כאָטש אין מיין וואָרט זי שוואַכער זיך באַווייזט;
אַלס סחורה ווערט די ליבע, וואָס איר ווערטה
אויף מאַרק און גאַס איר אייגנטימער פּרייזט.

אין פרילינג—צייט, ווען אונזער ליבע ניי,
האָב איך באַגריסט דיך טעגליך מיט מיין ליד,
ווי ס'זינגט דער פויגל אָנהויב זומער, פריי,
דאַן שווייגט ער ביז דער זומער זיך צעבליט.

ניט ווייל ס'איז זומער-צייט פון ליבשאַפט לער,
אַלס ווען זיין טריב געזאַנג שטילט—איין די נאַכט,
נאָר ווייל דאָס ווילד געזאַנג פאַלט אָפט צו-שווער,
און ס'שענסטע, ווען אַל-טעגליך, ווערט-אָן פּראַכט.

דעריבער שווייג איך אויך, ווי ער, גאַנץ לאַנג,
אום זאָלסט ניט ווערן מיד פון מיין געזאַנג.

## סאָנעט 103*

ווי אָרימלעך מיין מוזע, אַך געבערט,
אַז, טראָץ איר גרויס פאַרנעם און שיינעם גלאַנץ,
פאַרמאָגט דער געגנשטאַנד אַליין מער ווערט,
ווי ס׳קען מיין לויב אים מאַכן פאָלקאָם גאַנץ.

פאַרגיב מיר, ווען מיין מוזע פון דיר שווייגט;
צום שפּיגל גיי, און זע דיין פּנים׳ס פּראַכט,
וואָס גאָר מיין שטומפּיק שאַפן איבערשטייגט,
און ווי צום שפּאָט דאָס דיכטן מיינעם מאַכט.

און וואָלט עס ניט געווען אַ גרויסע זינד
פאַרדאַרבן דאָס וואָס איז געווען שיין?
ווייל ס׳זינגט מיין פערז פון קיין שום זאַך אַצינד
חוץ פון דיין שיינעם ווערט און פון דיין חן.

און מער, אַ סך מער, ווי מיין פערז אַנטהאַלט,
ווייזט דיר דיין שפּיגל, וואָס שפּיגלט דיין געשטאַלט.

# סאָנעט 104 *

ביזט, שיינער פריינד, פאַר מיר ניט קיינמאָל אַלט,
ווייל זינט כ'האָב דיך צום ערשטן מאָל געזען,
ביזטו נאָך אַזוי שיין. דריי ווינטערס קאַלט,
זיי האָבן זומערס דריי געלאָזט פאַרגיין;

דריי מאָל האָט יונגער פרילינג זיך געווענדט
צום רייפען הערבסט אין יאָר'ס סעזאָנען־שוואונג;
דריי מאָל האָט יוני־גלוט אַפּריל פאַרברענט,
זינט כ'האָב דיך יונג געזען, און ביזט אַלץ יונג.

דאָך שיינקייט מוז, ווי זייגער'ס ווייזער־האַנד
אויף ציפער־בלאַט זיך שלייכן אומבאַרירט;
אַזוי אויך דו, כאָטש, האַלטסט דיין אייגן שטאַנד,
פאַרבליסט, ווען אויך מיין בליק מעג זיין פאַראירט.

דערפאַר, הער־צו, דו דור, נאָך ניט געבאָרן:
ס'איז פאַר דיין קומען — שיינקייט שוין פאַרלאָרן.

---

* סאָנעט — 104: דריי יאָר זיינען אַוועק פֿון דער ערשטער באַקאַנט־שאַפֿט, און פֿון דער צייט, וואָס דער דיכטער האָט צוערשט באַוואונדערט די שטאַרקע שיינקייט פֿון זיין פֿריינד.

די סאָנעטן 104 — 108 צייכנען זיך באַזונדער אויס. דריי אָדער פֿיר פֿון זיי זעען אויס צו זיין אַדרעסירט צו דעם שיינעם יונגענמאַן, וועלכער זעט זיך שטאַרק אָן אין די ערשטע סאָנעטן.

## סאָנעט 105 *

ניט גלייך צו געצנדינסט די ליבע מיין,
און רוף ניט „אָפּגאָט" מיין געליבטן אָן,
ווייל ס'טוט צו איינעם בלויז געריכטעט זיין,
מיין לויב־געזאַנג מיין ליד און יעדער טאָן.

גוט איז מיין ליבע היינט, און מאָרגן — גוט,
באַשטענדיק אין איר עכטקייט און איר פרייד
דערפאַר מיין פערז, מיט שטענדיקייט באַרוט,
זינגט איינס, און לאָזט־אויס גאָר דעם אונטערשייד,

„שיין, גוט און טריי", דאָס איז מיין איינציג דיכטן,
„שיין, גוט און טריי", אויך אין אַ נייעם וואָרט;
און לויט נאָך דעם טו איך, מיין טעמע ריכטן,
די דריי אין איינס — אַ זעלטענער אַקאָרד.

די דריי, זיי האָבן איינזאַם, אָפט, ביז היינט
געלעבט, דאָך ניט אין איינעם זיך באַפריינדט.

---

* סאָנעט — 105 : „שיין, גוט און טריי". דער זעלטענער אַקאָרד אין דיכטערס שאַפן וועגן זיין פריינד.

## סאָנעט 106 *

ווען כ׳זע אין פנקס פון פארגאנגענהייט
באשריבן שיינע וועזנס אָן א צאָל,
און צו דעם ליד די שיינקייט גלאנץ אנטלייט
צו ליבן דאמען, ריטער פון אמאָל.

דאַן, אין די ליבליכסטע באשרייבונגען
פון אויגן, ברעמען, ליפּן, הענט און פיס,
זע איך, ווי ס׳וואָלט אַט יענע אלטע פען
געשילדערט שיינקייט אויך ווי דיינע איז.

ס׳איז זייער לויב נביאות גאָר געווען
פון אונזער צייט, און פון דיין וואונדער־בילד;
און ווייל זיי האָבן בלויז פאַראויס געזען,
האָט זייער ליד דיין ווערט ניט פול אנטהילט.

מיר, היינט, פארגעטערן מיט אויגן בלויז,
דאָך איינעם לויבן, פעלט אונז לשון אויס.

---

* סאָנעט — 106 : שילדערט דעם דיכטערס איינבילדונג, אַז זיין פריינדס שיינקייט איז אַ ירושה פון פאַרגאַנגענע און בעסערע טעג.

## סאָנעט 107 *

ניט אייגענער שרעק און ניט פּראָפעטן־בליק,
וואָס קוקט פאַרטרוימט אין צוקונפט ווייט אַריין,
קען קאָנטראָלירן מיר מיין ליבעס־גליק,
וואָס, ווי מען דענקט, פאַרמשפּט מוז עס זיין.

נאָך פינצטערניש, לבנה לייכט אויפסניי,
דער וואָרזאָגער זיין אייגן וואָרט פאַרשפּאָט;
אונזיכערעס איז איצטער פעסט און טריי,
און פרידן ווערט אַן אייביקער געבאָט.

איצט, מיט די טראָפּנס פון דער באַלזאַם־צייט
מיין ליבע פילט זיך פריש, און טויט* פאַרשפּרעכט;
דאָס אָרים ליד שענקט מיר אומשטערבליכקייט,
און נאָר די שטומע, טעמפּע, ער צעברעכט.

און אין מיין ליד באַשטייט דיין מאָנומענט,
ווען קעניג־קרוינען, קברים, צייט פאַרלענדט.

---

* סאָנעט — 107 : דער טויט פֿון קעניגין עליזאַבעט. סאָנעט 107 זעט טיילווייז אויס צו זיין אַ קאָנווענציאָנעלער סאָנעט פֿון „פֿאַראייביקן" און טיילווייז דייטעט ער אָן אַ צייט, ווען אויסערלעכע היסטאָרישע (לאַנד־פֿאַסירונגען און פּאָליטישע איבערקערענישן) פּאַסירונגען, דער טויט פֿון קעניגין עליזאַבעט, האָבן געדראָט דעם דיכטער צו פֿאַרלירן זיין פֿריינד אָדער פֿריינדשאַפֿט.

## סאָנעט 108*

וואָס לעבט אין מאַרך, וואָס פעדער האָט באַשריבן,
און ס׳האָט מיין גייסט עס דיר נאָך ניט דערקלערט?
איז עטוואָס ניי צו זאָגן נאָך פאַרבליבן,
צו שילדערן מיין ליבע צי דיין ווערט?

קיין זאַך, מיין ליבסטער; דאָך, ווי אַ געבעט
איך רוף טאָג-איין טאָג-אויס דעם נאָמען דיין,
ווי כ׳האָב אים דאָן צוערשט אַרויסגערעדט,
וואָס אַלט איז מיר ניט אַלט, איך דיין, דו מיין.

אַזוי די ליבע, וועלכע פריש זיך האַלט,
וועגט ניט דעם שטויב און אַלטקייט וואָס צעברעכט,
זי לאָזט ניט צו קיין קנייטשן מאַכן אַלט,
נאָר מאַכט פאַר זיך די אַלטקייט פאַר אַ קנעכט.

און גלויבט, אַז ליבע שענער, שטאַרקער שטייגט,
וואו צייט און פאָרם איר צו שטאַרבן צייגט.

* סאָנעט — 108: ליבע איז שטאַרקער ווי די אַלטקייט וואָס צע־ברעכט איר.

## סאָנעט 109 *

אָ, זאָג ניט, אַז איך בין אומטריי געווען,
אַז ס'האָט אָפּוועזנהייט געקילט מיין גלוט;
כ'וואָלט גרינגער זיך געשיידט פון זיך אליין,
ווי פון מיין זעל, וואָס אין דיין האַרצן רוט.

דאָרט איז מיין היים: און ווי דער וואַנדערער
קער איך זיך אום אַהיים מיט שנעלע שריט,
אין צייט, און דורך דער צייט קיין אַנדערער,
און פאַר מיין פלעק ברענג וואַסער מיט זיך מיט.

ניט גלויב, ווען אויך עס הערשט אין מיין נאַטור
די שוואַכקייט וואָס באַזיגט אַ יעדנס בלוט,
אַז זי זאָל אַזאַ אומזין אָפּטאָן גאָר
פאַר „נישט" אַוועקצולאָזן אַל דיין גוט.

ווייל כ'רוף אָן „נישט" די גאַנצע וועלט אַרום,
חוץ דיר, — ביזט אַלץ פאַר מיר מיין ליבע בלום.

---

* סאָנעט — 109: ליבע ליידט ניט פון צייטווייליקער אָפּוועזנהייט. די סאָנעטן 109 — 112 און 117 — 120 באַהאַנדלען ווידער די טעמע פון אָפּוועזנהייט און דער דיכטער פאַרזיכערט, אַז זיין ליבע צום פריינד האָט דאָך דורך דעם ניט געליטן, און זי איז ניט צעשטערבאַר.

# סאָנעט 110 *

ס׳איז וואָר, כ׳בין אויסגעזען וואו אַן אָרט,
און זיך באַוויזן אין אַ קלאָון־קלייד,
מיין רייך געפיל מיט ביליגסטן געפּאָרט,
געמאַכט פון נייע ליבעס אַלטע לייד;

ס׳איז אמת אויך, איך האָב געקוקט אויף טוגנט
מיט מאָדנעם בליק; דאָך האָט, טראָץ דעם, מיין זינד
געגעבן מיר מיין האַרץ אַ נייע יוגנט,
און כ׳ווייס, דו ביזט מיין אייגענסטע אַצינד.

נעם איצט, נאָך אַלץ, וואָס ס׳האָט אַן אייביק ווערט:
מיין לוסט וועט מער ניט גאַרן נאָך דאָס ניי,
ווייל כ׳ליב אַן אַלטן פריינד, וואָס מיר באַשערט,
צוגלייך מיט גאָט, און דין אים אייניציק טריי.

נו, נעם מיך, אָ, מיין וועלט־דערפרייטע לוסט,
צו גאָר דיין ריינער ליבנדיגער ברוסט.

---

* סאָנעט — 110: דער דיכטער אַנאַליזירט זיך אַליין. מען דענקט, אַז אין די ערשטע פֿיר שורות פֿון סאָנעט 110 דריקט דער דיכטער אויס זייַן ווידערווילן צו זיין פּראָפֿעסיע אַלס אַקטיאָר, ווען ער האָט באַדאַרפֿט אַנטפּלעקן צופֿיל פֿון זיין אייגענעם לעבן, פֿון זיינע אייגענע געפֿילן און פֿון אייגענעם איך. שעקספּירס קאָמענטאַטאָר פֿאָן מונץ גלויבט, אַז דער סאָנעט און אויך דער פֿאָריגער סאָנעט האָבן צו טאָן מיט דער צוריקקער פֿון דעם דיכטער צו זיין ווייב און פֿאַמיליע.

## סאָנעט 111*

פון מיינעטוועגן, אָ, מיין מזל שעלט,
דער שולדיגער אין מיין יעדן שלעכטן טאַט,
וואָס האָט קיין בעסערעס פאַר מיר באַשטעלט
ווי זיין מיט די פון נידעריגסטן גראַד.

דערפאַר בין איך געוואָרן איצט געבראַנדט,
כמעט באַפלעקט איז מיין נאַטור דערפאַר,
ווי פון זיין אַרבעט איז דעם פאַרבער׳ס האַנט,
ס׳קען בלויז די מיטלייד לויטערן מיין צער.

און ווי אַ חולה בין איך טרינקען גרייט
דאָס שאַרפסטע פאַר מיין שטאַרקער קרענק אַצינד;
כ׳וועל טרינקען אויך דאָס ביטערסטע מיט פרייד,
פיל תשובה טאָן צו רייניקן מיין זינד.

שענק מיטלייד, פריינד, און איך פאַרזיכער דיך:
אַז ס׳ברענגט דיין מיטלייד מיר אַ היילונג גיך.

---

* סאָנעט — 111: די רפֿואה פֿון מיטלייד. פֿון דעם סאָנעט זעט אויס, ווי דער דיכטער וואָלט זיך באַקלאָגט אויף זיין מזל וואָס ער איז פֿאַר־בונדן מי טדער בינע אין אַלגעמיין און דאַרף שטענדיק זיין אין די אויגן פֿון פֿאָלק, און ניט קענען לעבן אַ לעבן פֿאַר זיך אַליין.

## סאָנעט 112*

דיין ליבע און דיין מיטלייד וואשן ריין
וואָס בייזע מיילער האָבן מיך באַפלעקט;
וואָס אַרט מיך צי מען רופט מיך גוט, צי ניין,
אַז דו מיך ליבסט, און האָסט מיין שלעכטס פאַרדעקט?

ביזט אַלץ מיר אויף דער וועלט, און איך מוז שטרעבן,
מיין לויב און טאַדל הערן בלויז פון דיר;
איך בין מיט קיינעם ניט פאַרקניפּט אין לעבן,
און קיינעמס מיינונג ווירקט ניט גאָר אויף מיר.

איך וואַרף צום אָפּגרונד יעדן אַנדערנ'ס אַכט,
אַזוי, אַז כ'האָב די גיפטיקע חושים מיין
פאַר שמייכלער און פאַר טאַדלער שטומפּ געמאַכט.
זע, ווי מיט גרינג געמיט איך טייל עס איין:

דו ביזט מיט מיר אַזוי פאַראיינט, פאַרוועבט,
אַז קיין שום אַנדער זאַך פאַר מיר ניט לעבט.

*סאָנעט — 112—113: דער שטאַרקונגס־מיטל פון טרייער ליבע.

## סאָנעט 113 *

מיין אויג וואוינט אין מיין גייסט, זינט כ׳בין פון דיר
אוועק; און וואָס מיך פירט פון אָרט צו אָרט
דינט האַלב מיר בלויז; און האַלב בלייבט בלינד פאַר מיר:
עס שיינט צו זען — דאָך איז ניטווירקליך דאָרט,

ווייל צו מיין האַרץ דאָס אויג קיין פאָרם ניט גיט
פון פויגל, בלום און פון קיין שום געשטאַלט;
עס האָט מיין גייסט אין זיי קיין חלק ניט,
און וואָס ער זעט, ער אינערליך ניט האַלט;

ווייל ס׳גראָבסטע, צי דאָס איידלסטע געזיכט,
דאָס שענסטע וועזן, צי דאָס מיאוסטע גאָר,
דעם באַרג, צי ים, די נאַכט, צי זונענליכט,
די קראָ, צי טויב, מיט דיר פאַרגלייכט ער נאָר.

פאַרפרעמדט פון אַלץ, בלויז אָנגעפילט מיט דיר,
מיין גייסט מאַכט ס׳אויג מיינס טרייַלאָז אַלץ פאַר מיר.

---

סאָנעטן — 113—114 : זייַנען אַ פּאָר. מען דאַרף זיי לייענען אין דער אָרדנונג ווי זיי גייען, און אין זעלבן צוזאַמענהאַנג. דער דיכטער זינגט פון זיין אָפּוועזנהייט.

## סאָנעט 114*

צי אפשר טרינקט מיין גייסט, געקרוינט מיט דיר,
דעם הערשערס גייסט* אַט די שמייכלעריי?
צי אפשר, ווייזט מיין אויג דעם אמת מיר,
און ס'לערנט אים זיין ליבע צויבעריי?

פון אַלע מיאוסע, פון אַלץ וואָס האָט קיין האַפט
ער, לויט דיין ליב געשטאַלט, מלאָכים מאַכט,
און פון אַלצדינג, וואָס שלעכט, ער גוטס באַשאַפט,
ווי שנעל ס'ווערט צו זיין שטראַליק-ליכט געבראַכט?

אָ, ס'איז דאָס ערשטע: שמייכלעריי אין אויג,
און ווי אַ קעניג טרינקט מיין גייסט עס אויס;
מיין אויג ווייסט גוט, וואָס פאַר אַ טרונק אים טויג,
און נאָך זיין גומען גרייט ער צו דעם כּוס:

איז ער מיט גיפט, איז גאָר קיין גרויסע זינד
וואָס ס'טרינקט מיין אויג מיט ליבע ערשט אַצינד.

---

* שעקספיר מיינט דאָ: דער אַמאָליקער הערשער, דער קעניג וואָס טרינקט מיט דרייסט זיין כּוס, ווען אַפילו ער ווייסט, אַז דער געטראַנק איז געמישט מיט גיפֿט. אָדער אין פשוטן זינען: שמייכלעריי ווערט אָנגערופֿן דעם הערשער'ס גיפֿט. דער סאָנעט באַציט זיך אויך, דענקט מען, צו דעם היסטאָרישן פֿאַקט, ווען דזשיימס I איז געוואָרן קעניג.

# סאָנעט 115*

ס'איז ליגן, וואָס איך האָב אַמאָל געשריבן:
„איך וועל דיך קיינמאָל הייסער ליבן קענען";
עס איז מיר דאַן קיין אורזאַך ניט פאַרבליבן,
אַז ס'זאָל מיין פולער פלאַם נאָך קלאָרער ברענען.

דאָך צייט, די ריכטערין, מיליאָנענפאַך,
קרייצט נדרים דורך, דערנידערט און הויבט־אויף,
מאַכט שיינקייט מיאוס, פעסטן ווילן — שוואַך,
פאַרקרומט דעם שטאַרקסטן אין דעם ענדערונגס־לויף.

פאַרוואָס האָב איך, אוים מורא פאַר דער צייט,
דיר ניט געזאָגט: „צום בעסטן ליב איך יעצט",
און ניט, ווייל זיכער מיט אומזיכערקייט,
געקרוינט דעם היינט, און צווייפל — גאַר צולעצט?

די ליבע ווי אַ קינד; אין וואַקסן האַלט,
מען קען ניט זאָגן: ס'האָט אַ רייף געשטאַלט.

---

* סאָנעט 115: ליבע וואַקסט גלייך ווי אַ קינד. ליבע איז באַגאַבט מיט אַלע מעגליכקייטן פון וואַקסן, וואָס צייט גיט איר, און שפּעטער־צו צעשטערט זי, ווי אַלע זאַכן אין דער נאַטור. דער סאָנעט איז געווידמעט דעם דיכטער'ס ליבע וואָס שטייגט אַלץ שענער און שטאַרקער.

# סאָנעט 116*

ניט זאָג, אַז ליבע וואָס זיך טרײַ פאַרבינדט,
פון שטערונג ווייסט! זי איז קיין ליבע ניט,
ווען זי, דורך ענדערונג ענדערונג געפינט,
צי נאָך אַ יעדן נײַעם טריב זיך ציט.

אָ, ניין, זי איז אַ טורעם פעסט און טיף,
וואָס שטייט אַנטקעגן יעדן שטורעם דרייסט;
דער שטערן פאַר דער בלאָנדזשנדיקער שיף,
וואָס פון דער ווײַטער הויך זײַן ווערט ער ווייזט.

די ליבע איז אויך ניט דער נאַר פון צײַט
וואָס קען צעשטערן שיינקייט מיט איין שלאָג;
פאַר ליבע האָט די צײַט ניט קיין באַדײַט,
נאָר דויערט אייביק ביז צום לעצטן טאָג.

און וועט ווער ווײַזן, אַז ס'איז ליגן בלויז —
האָט קיינער ניט געליבט, און מעקט מיך אויס.

---

* סאָנעט 116: ליבעס לויכטענדיגער שטערן. דער סאָנעט איז נאָכאַמאָל געווידמעט דעם זיג וואָס ליבע האָט איבער טויט.

# סאָנעט 117*

באשולדיק מיך: אַז איך האָב אַלץ געשפּאָרט,
אום אָפּצוצאָלן וואָס דו האָסט פאַרדינט,
פאַרגעסן קומען צו דיין ליבעס-אָרט,
וואו דיין ליבע טעגליך מיך געווינט;

אַז כ׳בין מיט די אומווירדיקע אַוועק,
און האָב פאַרשווענדט דיין טייער רעכט און גליק;
געלאָזט זיך נאָך אַ יעדן ווינט אין וועג,
געטריבן וויט און וויטער פון דיין בליק.

פאַרשרייב די עוולות מיינע, שווער און גרויס,
און אויב ביזט גערעכט, פאַרגרעסער דיין פאַרדאַכט;
ווייז דאָן דיין ברוגז׳דיק געזיכט אַרויס —
דאָך טויט מיך ניט, ווען כ׳ווער פון דיר פאַראַכט.

ווי לאַנג איך מיט מיין בעטן אויך באַווייזן גיב
אַז כ׳בין דיר טריי און האָב דיך אייביק ליב.

* סאָנעט — 117: די באַשטענדיקייט פֿון ליבע. דער דאָזיגער סאָנעט איז אַ דעקלאַראַציע פֿון אומפֿאַרענדערליכקייט און שטענדיקייט אין ליבע. דער שרייבער פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר געוויסע אָנקלאַגן און פֿאָרוואורפֿן, וואָס דייטן אָן פֿאַרנאַכלעסיקייט און פֿריינדשאַפֿט פֿון זיין צד.

## סאָנעט 118 *

גראַד ווי אַזוי דעם אַפּעטיט פאַרמערן,
מיר רייצן אונזער צונג מיט שאַרפע זאַכן,
און גראַד ווי אַזוי אַ קראַנקהייט אָפּצוקערן,
מיר נעמען גיפט, דעם גוף געזונטער מאַכן, —

אַזוי אויך, מיט דיין זיסקייט קיינמאָל זאַט,
נעם איך אין שפּייז אויך ביטערניש אַריין,
און, דורך צופיל געניסן, קראַנק און מאַט,
פאַרזוך איך גיפט, כּדי ניט קראַנק צו זיין.

אַזוי אין ליבע אויך, אויב קלוג באַהאַנדעלט,
ווערט שפּעט׳רע לייד אין זיכערן ווי באַקערט,
און דאָס געזונט צו אַזאַ שטאַנד פאַרוואַנדעלט,
וואָס קראַנק פון גוטס, ווערט דורך דאָס שלעכטס גענערט.

דאָך ס׳ברענגט די לערע נייעם אמת מיר,
דאָס מעדיצין סם׳ט אים, ווען קראַנק פון דיר.

---

סאָנעט — 118 : ביטערע פּילען. דער דיכטער וויל דאָ אַרויסברענגען, אַז געוויסע אומאָנגענעמע פֿריינד אין פּאָליטישן און היסטאָרישן לעבן, אָדער אין לעבן מיט געוויסע פֿרויען, זיינען אים געווען ווי ביטערע מע־דיצין צום גומען. דאָך האָט די דאָזיגע מעדיצין געווירקט ווי אַ קעגן־גיפֿט כּדי צוריקצוברענגען דאָס געזונד און די קראַפֿט פֿון דער אַלטער און אמת׳ער ליבע.

## סאָנעט 119*

סירענען-טרערן** געווען איז מיין געטראַנק,
אין גהינום-כּלים דיסטילירט געוואָרן,
כ'האָב האָפענונג געמישט מיט שרעק און באַנג,
און אין געווינען — שטענדיק דאָך פאַרלאָרן!

וואָס פאַר אַ זינד עס האָט מיין זעל פאַרפירט,
ווען כ'האָב געמיינט: כ'בין גליקלעך שטאַרק געווען!
ווי האָבן מיינע אויגן דאַן געאירט,
אין ניט געשטילטן און דעם ווילדן ברען!

דאָך לייד ברענגט גליק! איך זע עס קלאָר און טריי,
דאָס גוטע קומט פון שלעכטס אַרויס נאָך בעסער;
צעשטערטע ליבע ווען געבויט אויפסניי,
ווערט שענער, און פיל שטאַרקער נאָך און גרעסער.

נו, קום איך אַ באַשטראָפטער פריש צוריק,
דורך לייד געווין איך דרייפאַך ליבעס-גליק.

---

* סאָנעט — 119: ליבע געלייטערט דורך ליידן. די סאָנעטן 119 און 120 זעען אויס צו גיין צוזאַמען.

** סירענע — ים-געטין, פאַרפירעריש אין נאַטור.

# סאָנעט 120 *

איך האָב דיך ליב, כאָטש דו האָסט מיך געהאַסט,
און פאַר די לייד וואָס איך האָב דורכגעמאַכט
בויג איך זיך אונטער מיין פאַרברעכנ'ס לאַסט,
איך בין דאָך ניט פון הארטן שטאָל געמאַכט.

ווייל וואָלט איך דיר אַמאָל פאַרשאַפט די פיין,
ווי דו האָסט מיר — וואָלסט גהינום־לייד געליטן;
דאָך איך, טיראַן, עס פעלט מיר גאַרניט איין
מיין לייד פון דיר — צו מעסטן זיי און היטן.

אָ, וואָלט געדענקט נאָר אונזערליידנס־נאַכט
מיין טיף געפיהל, ווי ווייט דאָס ליידן טוט,
און וואָלט עס דיר, ווי דו צו מיר, געבראַכט
דעם באַלזאַם, וואָס צום הארצן פּאַסט זיך גוט!

עס מוז אַן אויסלייזונג דאָך זיין אַצינד;
איך לייז אויס דיין און דו לייזט אויס מיין זינד.

## סאָנעט 121 *

ס'איז בעסער זיין שלעכט, ווי דערשיינען שלעכט,
ווען מ'איז עס ניט, דאָך פאַרוואורף ווערט געמאַכט,
און אונזער גליק פארלירט מען, אומגערעכט,
בלויז ווייל די וועלט עס פאַר אַ זינד באַטראַכט.

פאַרוואָס גאָר זאָלן פאַלשע אויגן קאָנען
אַריינקוקן אין מיין צערייצטן בלוט?
צי אין מיין שוואַכקייט — שוואַכערע שפּיאָנען,
דאָרט זוכן שלעכטס, וואָס מיין האַרץ רופט אָן גוט?

ניין, — איך בין וואָס איך בין, און די וואָס ווילן
מיר שאָדן אָנטון, שעדיקן זיך אַליין;
איך גיי מיר גלייך, און זיי — צו קרומקייט צילן;
זיי טראַכטן מיאוס, און איך — טו זאַכן שיין;

סיי ווען זיי ווערן פון געדאַנק געפירט:
שלעכט איז דער מענטש און דורך זיין שלעכטס רעגירט.

---

* סאָנעט — 121 : פֿאַרלוימדונג, באַריידונג. די סאָנעטן 121 און 122 גייען נאָך דער פֿריערדיקער גרופּע, וואָס גיט אויסדרוק צום דיכטער'ס חרטה און איבערגעבנקייט. 121 זעט אויס אָנצודייטן ווי דער דיכטער איגנאָרירט די טאַדלער פֿון וועלכע ער האָט געליטן.

# סאָנעט 122 *

דיין שרייב־בוך, דיין געשאַנק, לעבט טיף אין מיר,
פאַרצייכנט מיט די אייביקע אָנדענקס־ציילן,
ס'וועט איבערלעבן ליידיקן פּאַפּיר,
און ביז דער ווייטער אייביקייט פאַרווײַלן, —

צום ווייניקסטנס, ביז ס'וועט מיין האַרץ און גייסט
זיין שטאַרק עס אויפצוהאַלטן פון נאַטור;
און ביז דער טויט זיי ניט פאַנאַנדעררייסט,
וועל איך פון דיר געדענקען יעדן שפּור.

דיין שרייב־בוך האָט ניט פּלאַץ פאַר אַזאַ לעבן,
אויך דאַרף איך ניט דיין ליבע דאָרט נאָטירן;
דערפאַר האָב איך עס בראַוו אַוועקגעגעבן,
אַז איך זאָל אין מיין זעל דיך טיפער שפּירן.

צו האַלטן הילף, אום צו געדענקען דיך,
מיינט: דאָס פאַרגעסן איינלאַדן צו זיך.

---

* סאָנעט — 122: אַ סואוועניר, אַן אָנדענק־געשאַנק. דער דאָזיגער סאָנעט באַציט זיך צו אַ געשאַנק, אַ נאָטיץ־ביכל, וואָס דער דיכטער האָט באַקומען פון זיין פריינד און עס אַוועקגעגעבן צו אַן אַנדערן.

## סאָנעט 123*

ניט רים זיך, צייט, אַז איך פאַרענדער זיך:
די פּיראַמידן דיינע, אויפגעבויט
מיט נייער מאַכט, ניט איבערראַשן מיך —
ס'איז אַלטע פאָרמע אין אַ נייער קלייד.

דאָס זיין איז קורץ, דערפאַר באַוואונדערן מיר
דאָס אַלטע, וואָס דו צווינגסט אונז צו דערזען;
און נעמען עס ווי נײַ געשאַנק פון דיר,
אַנשטאָט צו דענקען אַז ס'איז שוין געווען.

איך רוף דיין בוך און דיך אין קאַמף אַרויס,
דעם נעכטן און דעם היינט איך ניט פאַרער;
דיין פּנקס און דאָס אויג — זיי נאַרן בלויז,
ס'גייט אַלץ אין אייל, צי ווייניק אָדער מער.

איך שווער דערפאַר, און דאָס וועט אייביק זיין:
איך בלייב זיך טריי, טראָץ דיר און קאָסע דיין.

---

* סאָנעט — 123: פאַראַכטן צייט. דער דיכטער פאַראַכט צייט, וואָס איז שטענדיק אין אייל און צעשטערט אַלץ. ער פילט, אַז זיין טרייע ליבע וועט איבערלעבן צייט. די סאָנעטן 123—125 גייען צוזאַמען.

# סאָנעט 124*

ווען ס׳וואָלט מיין ליבע זיין אַ קינד פון גאַס,
אַ ממזר פון דאָס גליק און פאָטערלאָז,
אַ שפּיל פון צייט׳ס פארליבטקייט אָדער האַס,
אַ בלום אין בלומען צי אין ווילדן גראָז;

נאָר, ניין, זי איז געוועז פון צופאל ווייט;
זי ליידט ניט פון דער שמייכלענדיקער פּראַכט;
און פון פארשקלאַפטער אומצופרידנהייט
פון נייער מאָדע, ווערט זי ניט פארשוואַכט;

זי שרעקט זיך ניט פאַר פאַלשער פּאָליטיק,
וואָס ווירקט און דויערט נאָר פאַר איין מינוט,
זי האָט אַליין דעם עכטן שטאַטסמאַנ׳ס בליק,
ווערט ניט באַהערשט פון רעגן און פון גלוט.

צייט׳ס נאַרן קענען דאָ באַווייזונג געבן,
וואָס שטאַרבן הייליק נאָך אַ זינדיק לעבן.

---

* סאָנעט 124: דער בונד פון ליבע ועט איבערלעבן דעם בונד פון שטאַאַט.

## סאָנעט 125*

ווי וואָלט דאָס פאַר מיר האָבן אַ באַדייט
כ׳זאָל אויסערליך מיט אויסערליכס באַערן,
צי בויען טורעמס פאַר דער אייביקייט,
וואָס פון רואינען ווייניגער געווערן?

און די, וואָס וואוינען אין פּאַלאַצן רייך,
פאַרלירן דען ניט מער, דורכן הויכן צינז,
און ווערן־אָן וואָס פּשוט איז און גלייך
דורך זייער שטאַרק־פאַרצוקערטן געווינס?

ניין, לאָז מיר טריי ביי דיר אין הארצן זיין,
און נעם מיין אָרים, פריי געשאַנק פון מיר,
גאַנץ ריין פון פּסולת און פון פאַלשן שיין,
ס׳איז נאָר אַן איבערבייט פון מיר צו דיר.

אוועק פאַרלוימדער! — טרייער הארצנס־באַנד,
וואָס מער באַקעמפט, אַלץ שטאַרקער איז זיין שטאַנד.

---

* סאָנעט — 125: דער קרבן וואָס דאָס האַרץ קען ברענגען. אין סאָנעט 125 דריקט דער דיכטער ווידער אויס די פֿאַרזיכערונג פֿון ליבע, וואָס איז פֿאַראינטערעסירט מיט וויכטיגקייטן, ניט מיט אויסערליכקייטן. דער דיכטער באַשטרייט די באַשולדיגונג, אַז זיין פֿריינדשאַפֿט איז צופֿיל געבויט אויף אויסערליכער שיינקייט.

## סאָנעט 126*

אָ, ליבער יונג, וואָס מיט דיין מעכטיקייט
דו האַלטסט די זאַמד־גלאָז, קאָסע פון דער צייט;
וואָס דורך דיין וואַקסן ווייזטו דו וואַקסט שיין,
ווען דיינע טרייע ליבהאָבער פאַרגיין;

ווען די נאַטור, די האַרין פון פאַרניכטונג
וועט רייסן דיך צוריק פון עלטער'ס ריכטונג,
דאָס וויל זי ווייזן בלויז אַז מיט איר מאַכט
צעשטערט זי צייט, די בייזע, און פאַרלאַכט.

דאָך היט דיך, אָ, דו ליבלינג, פון איר לוסט!
זי האַלט דיך, דאָך צו ענדע שיידן מוזט:
איר משפט מוז ווען ס'איז געהאַלטן ווערן,
און איר גזר־דין איז דיך צוריקצוקערן.

---

* סאָנעט — 126 : *Envoi* — אַ ספּעציעלער שליח. סאָנעט 126 איז ניט געבויט ווי אַן אמת'ער סאָנעט. ס'איז גיכער אַ פּאָעמע אין זעקס קופּלעטן. עס דינט ווי אַן אָפּשלוס צו דער קאָלעקציע סאָנעטן ביז איצט. דאָס ליד איז אַדרעסירט: צו מיין ליבן יונג! — און דער דיכטער מיינט דאָ וואַרשיינליך דעם זעלבן „ליבן יונג" ווי אין די סאָנעטן 54 און 108. ער זאָגט אים, אַז כאָטש זיין שיינקייט דרייט זיך דערווייל אַרויס פֿון דער האַנט פֿון דער צייט, וועט דאָך נאַטור ענדליך באַשטיין אויף איר מאַכט און אים איבערגעבן צו עלטער.

# סאָנעט 127*

אַמאָל איז שוואַרץ געווען ניט שטאַרק געשעצט,
און זיכער ניט דער שיינהייט'ס שענסטער שטאַנד;
דאָך שוואַרץ איז שיינהייט'ס גאַנצער יורש יעצט,
און שיינהייט ווערט באַשימפּט מיט ממזר־שאַנד:

ווייל זינט אַ יעדע פרויען־האַנט זיך מיהט
נאַטור צו פעלשן מיט איר מאַסקן־פּוץ,
האָט שיינהייט ניט איר היים און נאָמען ניט,
נאָר איז געשענדעט, אָדער לעבט אין שמוץ.

מיין ליבסטערס אויגן זיינען שוואַרץ ווי ראָבן,
זיי פּאַסן זיך אַזוי אַבלים זיין
נאָך די, וואָס קענען שיינהייט קיינמאָל האָבן
און שענדן די נאַטור מיט פאַלשן שיין.

דאָך פּאַסט זיי אין דעם טרויער זייער ווײ,
אַז יעדער זאָגט: ס'דאַרף שיינהייט זיין אַזוי.

---

* סאָנעט — 127: אַ ליבּ צו דער טונקעלער דאַמע. מיט דעם סאָ־נעט 127 פאַנגט זיך אָן די צווייטע סעריע אָדער אָפּטיילונג פון די סאָנעטן, וועלכע ציען זיך ביז צום סאַמע סוף. די לעצטע צוויי, 153 און 154, קען מען אפשר אַרויסנעמען פון רעכנונג, ווייל זיי זיינען גיכער איבער־זעצונגען ווי דעם דיכטער״ס אָריגינעלע סאָנעטן.

די טעמע פון סאָנעט 127 איז איבערגעחזרט אין סאָנעט 132.

די מערסטע סאָנעטן פון דער דאָזיגער סעריע זיינען געווידמעט צו פרויען. סאָנעט 127 איז אַ ליבּ צו אַ פרוי, אַ ברונעטע שיינהייט, באַוואונדערט אין שעקספּירס צייט.

## סאָנעט 128 *

ווי אָפט ווען דו די טענער פריי צעקלינגסט,
אויף דער געבענטשטער האַרפע, וואָס וויברירט
דורך דיינע פינגער, ווען דו צאַרט צעשווינגסט
דעם סטרונען־איינקלאַנג, און מיין האַרץ פאַרווירט,

בין איך מקנא זיי, וואָס שפּרינגען גיך
צו קושן דיר די ווייכע אינערע הענט,
ווען מיינע ליפּן, וואָס באַגערן דיך,
זיך רויטלען פון דעם דרייסטן אינסטרומענט.

זיי וואָלטן אין דעם צושטאַנד זיך געטוישט,
מיט די אָ סטרונעס אין דעם טאַנץ און היפּן,
ווען דיינע פינגער גליטשן זיך, באַרוישט,
און מאַכט זיי גליקליכער ווי מענטשן־ליפּן.

זינט פרעכע סטרונעס פרייען זיך מיט דיר,
גיב זיי די סטרונעס און די ליפּן — מיר.

---

* סאָנעט 128 איז קאָנוועגציאָנעל אין טאָן, און איז אַדרעסירט צו אַ דאַמע וואָס שפּילט די ראָלע פון יונגפרויליכקייט.

## סאָנעט 129*

אַ זעלן-טויט, וואָס ווערט פאַרצערט פון שאַנד
איז לוסט אין איר פּראָצעס; און ביז צו טאַט
איז זי פול שולד, און פריי פון יעדן באַנד,
פאַרברעכעריש, און ווילד און פול פאַרראַט;

גענאָסן קוים, און זי ווערט גלייך פאַראַכט,
אָן זין באַגערט, און קוים מיט איר באַגליקט,
אָן זין פאַרהאַסט, און ווי אַ סם באַטראַכט —
דער וואָס פאַרזוכט ווערט ווי אַ נאַר פאַרדריקט;

נאַר אין באַגער און אין באַזיץ אַזוי;
געזוכט, דערגרייכט, גענאָסן אָן אַ צוים;
אַ גליק אין קריגן, ווען געקראָגן — וויי;
פאַראויס — אַ גרויסע פרייד, דערנאָך — אַ טרוים,

דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט; דאָך קיינער ניט
ווייכט פון דעם הימל, וואָס צום גהינום ציט.

---

* סאָנעט 129 איז אַ מאָראַלישער עפּיגראַם וועגן לוסט. עס איז דער אויסדרוק וואָס קומט פֿאָר צווישן דעם קאַמף פֿון קערפּער און נשמה. סאָנעט 146 איז געבויט אויף דער זעלבער טעמע.

# סאָנעט 130 *

אין אירע אויגן איז קיין גלאַנץ נישטאָ,
קאָראַל איז רויטער ווי איר ליפּן־פּאָר;
אויב שניי איז ווייס, דאַן איז איר בוזעם גראָ,
ווי שווארצע דראָטן זיינען אירע האָר.

כ׳האָב אָפט געזען רויזן, ווייס און רויט,
אָזעלכע אויף איר באַק דאָך זע איך ניט;
געוויסע דופטן גיבן פיל מער פרייד,
ווי דער פון מיין געליבטערס אָטעם בריט.

כ׳האָב ליב איר שטים, דאָך ווייס איך זייער שיין,
אַז פון מוזיק איז זיסער פיל דער קלאַנג;
איך האָב נאָך ניט געזען אַ געטין גיין,
נאָר מיין מעטרעסע טרעט אויף ד׳רערד אין גאַנג.

דאָך, גלויב איך, אַז ס׳קען קיינע איר דערגרייכן
מיט אירגענד איבערטריבענעם פאַרגלייכן.

* די סאָנעטן 130 און 132 זיינען פריילעכע שטיפעריישן. סאָנעט 130 באַציט זיך איראָניש צו דער טונקל־האָריקער מעטרעסע.

## סאָנעט 131 *

פון דער נאַטור ביזטו פול טיראַניי,
ווי אַלע, וועמענס שיינקייט גרויזאַם מאַכט;
דו ווייסט, אַז אין מיין הארצן, נאַריש-טריי,
ביזטו אַ דימענט פון דער העכסטער פּראַכט.

דאָך, זאָגן די, וואָס האָבן דיך געזען,
דיין פּנים קען קיין מענטשנ׳ס הארץ פאַרפירן,
איך וואָג ניט זאָגן, ס׳קומט פון ניט פאַרשטיין,
דאָך מוז איך ביי זיך שווערן, אַז זיי אירן.

און, צו זיין זיכער, אַז איך שווער אויף וואָר:
אַ טויזנט זיפצן ווייזן דורך מיין ברוסט,
ווען פון דיין טונקלען פּנים טראַכט איך נאָר,
אַז ס׳איז דיין שוואַרצקייט גאָר מיין שענסטע לוסט.

ווייל דו ביזט שוואַרץ אין טאָטן בלויז,
און די פאַרלוימדונג שטאַמט פון זיי אַרויס.

* די סאָנעטן 131 — 132 זיינען אדרעסירט דירעקט צו דער טונקעלער מעטרעסע, לויבנדיק אירע צויבערייען. אין ערשטן סאָנעט אויף אַן אַי־ראָנישן שטייגער; אין צווייטן — דורך זעלבסט־איינבילדונג.

## סאָנעט 132 *

כ׳האָב דײַנע אויגן ליב, און זיי, פול לייד,
וואָס ווייסן, ווי דו פּלאָגסט מיך מיט פאַרדאַכטן,
ווי טרויעריגע געהילט אין שוואַרצן קלייד
מיט טיפן מיטלייד מיר מיין פּיין באַטראַכטן.

ס׳פּאַסט שענער ניט דעם מאָרגנ׳ס זון־אויפגאַנג
די באַקן פון דעם מזרח׳ס גרוי, ביים ראַנד,
און ניט דער שטערן נאָכן זונפאַרגאַנג
דעם מערב פּאַסן איז אַזוי אין שטאַנד,

ווי ס׳פּאַסט די טרויער־אויגן — דיין געזיכט,
אַ, זאָלן זיי ביי דיר אין האַרצן אויך זיין
פאַר מיר, זינט ס׳פּאַסט דיר טרויעריגע ליכט
און ס׳קליידט דיין מיטלייד דיך ווי אַלץ וואָס דיין.

איך שווער, אַז שיין איז נאָר וואָס שוואַרץ פאַרמאָגט,
און אַלץ איז מיאוס, וואָס דיין פאַרב ניט טראָגט.

## סאָנעט 133*

פאַרשלים דאָס האַרץ וואָס ברענגט מיין האַרץ געוויין!
פאַר ס'טיפע וואונד, וואָס מאַכט מיין פריינד און מיר!
איז ווייניק וואָס דו פּייניקסט מיך אַליין,
מוז אויך מיין פריינד נאָך זיין אַ שקלאַף צו דיר?

דיין בייזער בליק פאַרשלונגען האָט מיין איך,
מיין צווייטן איך פאַרשלינגסטו שנעלער נאָך;
איך האָב פאַרלאָרן אים, און זיך, און דיך;
דרייפאַכע לייד, דריי מאָל דערדריקט אין יאָך.

פאַרשלים מיין האַרץ אין שטאָלענעם בוזעם דיין,
און ס'זאָל מיין פריינד'ס האַרץ מיין האַרץ לאָזן פריי;
מיין האַרץ זאָל, וואו איך בין, זיין היטער זיין;
עס הערשט ניט אין מיין האַרץ דיין טיראַניי:

און דאָך, ווייל איך אין דיר פאַרשלאָסן בין,
בין איך אינגאַנצן דיין, מיט האַרץ און זין.

---

* די סאָנעטן 133 און 134 זיינען אַדרעסירט צו דער טונקעלער דאַמע, אָבער זיי זעען אויס זיך צו באַציען אויף דעם אינצידענט פון דער דאַמע און דעם אומגעטרייען פריינד, וועלכע זיינען דערמאָנט אין די סאָנעטן 40 — 42.

## סאָנעט 134 *

נו, האָב איך צוגעשטימט, אַז ער איז דיין,
און איך אַליין — אַ משכּון צו דיין ווילן,
כ׳גיב זיך אַליין, כּדי דעם אַנדערן מיין
זאָלסטו מיר געבן צ׳ריק, — מיין טרייסט דערפילן.

נאָר גיבסט אים ניט, און ער וועט פריי ניט בלייבן,
ווייל דו פול תּאווה ביזט, און מילד איז ער;
ער האָט פּרובירט פאַר מיר זיך אונטערשרייבן —
האַלט אים דער באַנד ווי שטריק געבונדן שווער.

דו קומסט זיך שטיצן אויף דיין שיינקייט׳ס רעכט,
די וואוכערין, וואָס נוצט דיין יעדן ציר,
פאַרפאָלגסט אַ פריינד, וואָס איז דורך מיר דיין קנעכט;
און דורך מיין שווערער שולד איך אים פאַרליר.

איך האָב אים ניט; און דו האָסט אים און מיך:
ער צאָלט פאַר אַלץ, און דאָך ניט פריי בין איך.

## סאָנעט 135

ווער ס׳האָט איר וואונטש, דאָך דו פאַרמאָגסט דיין „ווילן״,
און „וויל״ אין איבערפלוס, און „וויל״ דערצו;
כ׳טו צופיל דיך מיט ערגערניש דערפילן,
גיב איך מיין ווילן נאָך צו דיינע צו.

און דו, וואָס ס׳איז דיין ווילן פריי און גרויס,
ווילסט ניט מיין ווילן האַלטן דען אין דיין?
זאָל ווילן רייצנד זיין ביי אַנדערע בלויז
און קיין שום שיינע אויפנאַמע אין מיין?

דער ים — פול וואַסער, ער טוט זיך זעלבסט אַנפילן
מיט מער נאָך וואַסערן, רעגן פול און שווער;
אַזוי, נעם מ י י ן ווילן דו צו דיין ווילן,
און ס׳מאַכט דיין ווילן־איבערפלוס נאָך מער.

אָ, זיי ניט בייז, דעם בעטלער׳ס וואונטש דערפיל;
האַלט אַלץ פאַר איינס, און אין דעם — מיך, דיין „וויל״.

* סאָנעטן 135 — 136 שפּילן זיך מיט דעם דיכטער׳ס נאָמען „ווילל״, וואָס מיינט — ווילן, לוסט, ליידנשאַפט. אַן אַנדער קאָמענטאַטאָר פון שעקספּיר גלויבט, אַזדי צוויי סאָנעטן זיינען געווען געשריבן פאַר שעקספּיר׳ס פריינד וו. ה., אַז ער זאָל זיי איבערגעבן צו דעם דיכטער׳ס מעטרעסע.

## סאָנעט 136*

ווען ס׳שעלט דיין זעל, אַז איך בין נאָענט צו איר,
שווער צו דיין בלינדער זעל, אַז כ׳בין דיין „וויל״;
און ווילן, ווייסט זי, איז ווילקאָמען איר;
דערפאַר מיין ליבע, טייערע, דערפיל.

„וויל״ וועט דערפילן פול דיין ליבעס-שאַץ
מיט ווילנס, און מיין ווילן אין זיי — איינער,
אין זאַכן וואָס פאַרנעמען אַ גרויס פּלאַץ,
גילט איינער אין דער גרויסער צאָל ווי קיינער.

לאָז מיך אין צאָל אַ ניט געציילטער זיין,
דאָך ציילסטו דיין פאַרמעגן, צייל אויך מיך;
האַלט מיך פאַר „נישט״, נאָר רעכן מיך פאַר דיין,
עטוואָס — פאַרעכנט שיין און ליב פאַר זיך.

האָב ליב מיין נאָמען בלויז, און ליב אים שטיל,
דאַן ליבסטו מיך, ווייל ס׳איז מיין נאָמען „וויל״.

## סאָנעט 137*

דו ליבע, בלינדער נאַר, וואָס טוסטו מיר,
וואָס כ'זע ניט זאַכן אין דער וואָרער שיין?
מיין אויג מערקט שיינקייט, און כ'טו קענען איר,
דאָך ס'בעסטע ווייזט זיך פאַר דאָס ערגסטע זיין.

אויב אויגן, קאָרופּטירט דורך תּאווה־לוג,
פאַרוואָרפן אַנקער יעדן מענטש צו פאַנגען,
פאַרוואָס דאַן שמידסטו קלאַמערם פון באַטרוג
און האַלטסט מיין האַרצנ'ס אורטייל ווי אין צוואַנגען?

וואָס האַלט מיין האַרץ עס פאַר מיין אייגן פּלאַץ,
ווען ס'ווייסט, אַז צו דעם כּלל געהערט עס גאַר?
צי ס'אויג זעט איינס, דאָך ס'ווייזט דעם קעגנזאַץ,
ווען פאַלשקייט ווערט באַקליידט מיט שיינער וואָר?

אין אמת'ן: ס'האָט אויג און האַרץ געאירט,
און פילן איצט אין דעם באַטרוג פאַרווירט.

---

* סאָנעטן 137 — 138, און אויך די סאָנעטן 141 — 142, זיינען אַדרעסירט צו אַ פֿאַלשער און שולדיקער געליבטע; זיי חערן אָבער איבערגעריסן פֿון אַ פּאָר סאָנעטן, 139 —140, געווידמעט צו אַ געליבטע וואָס איז ניט פֿאַלש אָדער שולדיק, נאָר וועלכע דערשיינט ליבערשט צו זיין שלעכט און שטאָלץ.

## סאָנעט 138 *

ווען ס׳שווערט מיין ליבסטע, אַז זי איז פול טוגנט,
ווייס איך ס׳איז פאַלש, נאָר כ׳גלויב וואָס זי דערציילט,
אַז זי זאָל דענקען: כ׳בין נאָך אין מיין יוגנט
און קען נאָך ניט די פאַלשקייט פון דער וועלט.

עס שמייכלט מיר, וואָס זי האַלט מיך פאַר יונג,
ווען ס׳איז מיין יוגנט טויט, זי ווייסט עס קלאָר,
איך גלויב אינגאַנצן אויך איר פאַלשן צונג;
אַזוי דערשטיקן ביידע מיר די וואָר.

פאַרוואָס דאָך זאָגט זי ניט זי איז אומטריי?
פאַרוואָס אויך זאָג איך ניט, אַז איך בין אַלט?
אָ, ליבע גלויבט אין ווייזן זיך געטריי,
און ליבע, עלטער יאָרן טיף באַהאַלט.

דערפאַר באַטריגט זי מיך און איך אויך איר,
און דורך באַטרוג זיך גליקלעך פילן מיר.

## סאָנעט 139*

אָ, ניט פאַרלאַנג פון מיר אַנטשולדיגונג
וואָס ס'פּלאָגט דיין גרויזאַמקייט מיין האַרץ גענוג;
ניט וואונד מיך מיט דיין אויג — וואונד מיט דיין צונג;
מאַכט קעגן מאַכט, נאָר מאַרד ניט דורך באַטרוג.

זאָג, דו האָסט אַנדרע ליב, נאָר בין איך דאָ,
מיין ליבסטע, מיט דיין בליק לאָק קיינעם אָן,
וואָס דאַרפסטו שפּילן, אַז דיין מאַכט איז, יאָ,
פיל שווערער ווי מיין האַרץ פאַרטראָגן קאָן?

נאָר כ'וויל דיר מוחל זיין: באַוואוסט איז איר,
אַז אירע בליקן זיינען מיינע שונאים;
דעריבער ווענדט זי אָפּ די פיינד פון מיר,
צו אָנטון צרות אַנדערע אַפּנים.

נאָר ניין, איך בין האַלב טויט שוין סיי ווי סיי,
דערשלאָג מיך מיט דיין בליק און מאַך מיך פריי.

* סאָנעטן 139 — 140 זיינען געווידמעט צו אַ מעטרעסע וואָס זעט אויס צו זיין אייגנהאַרציק, אומגעטריי און שטאָלץ.

# סאָנעט 140 *

זײַ קלוג ווי דו ביזט שלעכט; ניט האַלט אין צוואַנג
מײַן שווײַגנדע געדולד מיט פול פאַראַכט,
ווען ניט גיט לייד מיר ווערטער, אין מײַן באַנג,
צו ריידן ווי דו האָסט מײַן פּײַן פאַרלאַכט.

ווען כ׳וואָלט געקענט, וואָלט איך געלערנט דיך
צו מיר פון ליבע ריידן כאָטש באַגערן;
דער קראַנקער, ווען דער טויט דערנעענטערט זיך,
וויל ווענן זײַן געזונט פון דאָקטאָר הערן.

דורך לייד קען איך נאָך ווערן דום און דול
און איך וואָלט אפשר שלעכטס פון דיר גערעדט;
איצט איז די וועלט מיט בייזע מענטשן פול,
זיי וואָלטן צוגעהערט און אָפּגעשפּעט.

און אום די לייד פון אונז זאָל זײַן פאַרמיידט
שענק מיר דײַן בליק, ווען אויך דײַן האַרץ איז ווײַט.

# סאָנעט 141 *

ניט מײַנע אויגן ליבן דיך, ס׳איז וואָר,
ווײַל זיי אין דיר דערזעהען טויזנט זינד;
מײַן האַרץ בלויז ליבט וואָס זיי פאַרהאַסן גאָר,
וואָס, טראָץ מײַן אויג, גאַרט ליבן דיך אַצינד.

מײַן אויער איז ניט פון דײַן שטים אַנטציקט,
קיין צאַרט געפיל, גענייגט דיר נאָכצוגיין,
קיין טעם, געׅרוך, מיט קיין פאַרלאַנג באַגליקט
פאַרשײַט אַ שטיף צו טון מיט דיר אַליין.

ס׳קען ניט מײַן זין און אַלע חושים דאָך
איין נאַריש האַרץ צו דינען דיך איר שטערן,
וואָס גאַנץ אוממענטשליך וואַרפט מיך אין דעם יאָך,
אום צו דײַן שטאָלצער האַרץ אַ שקלאַף צו ווערן.

דאָך איין געווינס איך זע אין גאָר מײַן צער:
זי רעגט צו זינד, דאָך שענקט מיר ווײַ דערפאַר.

## סאָנעט 142 *

די ליבע איז מיין זינד, דיין טוגנט — האַס,
האַס פון מיין זינד, ווייל ליבסט מיך ניט געטריי;
דאָך מעסט דו מיך און דיך מיט גלייכער מאָס,
וועסטו פון טאַדלען מיך זיך האַלטן פריי.

עס וועט ניט טאַדל קומען פון די ליפּן דיין,
וואָס האָבן זייער פּורפּור־ציר פאַרשוועכט,
און אָפט דעם בונד באַזיגלט פאַלש ווי מיין,
און פרעמדע ליבעס־צינז גערויבט אָן רעכט.

כ'וועל ליבן דיך, ווי דו האַסט יענע ליב,
וועם ס'לאָקט דיין בליק, ווי מיין בליק דיך באַגערט;
פלאַנץ מיטלייד איין אין הארץ און מיטלייד גיב,
וועט דאַן דיין מיטלייד, מיטלייד פיל זיין ווערט.

זוכסטו ביי אַנדערע וואָס דיין שטאָלץ דערדריקט,
קענסטו ניט דורך דיין ביישפּיל זיין באַגליקט.

# סאָנעט 143*

זע, ווי אַ הויז-פרוי יאָגט נאָך אין געאייל
אַ הוהן, וואָס איז אַנטלאָפן פון דעם הויף,
זי זעצט איר קינד אַנידער אויף אַ ווייל,
און פאָלגט נאָך דאָס באַשעפעניש אין לויף.

נאָר דאָס פאַרלאָזטע קינד נאָך איר זיך ציט,
און וויינט נאָך איר, וואָס יאָגט זיך און זיך יאָגט
צו כאַפּן דאָס, וואָס פליט פון איר און פליט,
און הערט ניט ווי עס וויינט איר קינד און קלאָגט;

אַזוי לויפסטו נאָך דעם, וואָס פליט פון דיר,
און איך, דיין קינד, פון וויטן יאָג איך דיך;
נאָר ווערט דיין ציל דערגרייכט, קום צ׳ריק צו מיר
און קוש מיך און זיי גוט און מוטערליך.

נו, וועל איך בעטן, דיינער זאָל זיין „וויל",
אויב דו קומסט צ׳ריק, און מאַכסט מיין וויינען שטיל.

---

* סאָנעטן 143—144 באַלאַנגען צו דער גרופּע 142, 140 און 133—144.

## סאָנעט 144*

צוויי ליבעס האָב איך: גליק און טיפן פּיין,
וואָס ווי צוויי גייסטער ווירקן אויף מיין האַרץ;
דער גוטער גייסט — ער איז אַ מאַן גאָר פיין,
דער בייזער גייסט — אַ פרוי אינגאַנצן שוואַרץ.

זי טוט דעם גוטן מלאך לאָקן גערן,
אַז איך זאָל גיך אין איר גהינום גיין,
זי וואָלט באַווירקט ער זאָל אַ טייפל ווערן,
באַהעפטן ברודנעם שטאָלץ מיט דעם, וואָס ריין.

און צי מיין ריינער מלאך ווערט אַ פיינד,
פאַרדעכטיק איך, דאָך זאָגן וועל איך שווייגן;
נאָר ווייל זיי האַלטן זיך, דורך מיר, ווי פריינד,
וועט יעדער אין דעם צווייטנ׳ס גהינום וואוינען.

כ׳וועל איבער דעם אין צווייפל שטענדיק בלייבן,
ביז בייזער גייסט וועט גוטן גייסט פאַרטרייבן.

## סאָנעט 145 *

איר מויל, פון ליבע זעלבסט געמאַכט,
האָט אויסגערעדט צו מיר — „איך האָס"
צו דעם, וואָס האָט נאָך איר געשמאַכט;
נאָר ווען זי האָט באַמערקט מיך בלאַס, —

איז מיטלייד אין איר האַרץ אַריין,
און טאַדלענדיק דעם צונג, דעם זיסן,
וואָס שטענדיק משפּט ער גאָר פיין,
האָט זי באַפעלט אַזוי מיך גריסן:

„איך האָס", האָט זי געזאָגט צום שלום,
וואָס האָט באַגלייט ווי מילדער טאָג
די נאַכט, וואָס ווי אַ טייפל פליען מוז
פון הימל צום גהינום־פלאָג.

„איך האָס", פון האָס פאַרגעסן זיך,
און מיך געראַטעוועט — „ניט דיך".

* דער סאָנעט איז אַנדערש פון אַלע פריערדיקע, ווייל ער איז געבויט אויף אַכט זילבן אַנשטאָט צען, אין יעדער שורה, און איז דעריבער אַזויערנאָך ניט פאַרבונדן מיט די אַנדערע. דער אינהאַלט איז שטיפעריש און לייכט, און זעט אויס צו זיין אַדרעסירט צו אַ גוט־האַרציקער געליבטע.

## סאָנעט 146 *

אָ, זעל, דער צענטער פון מיין זינדיקן גוף,
פארשקלאַפט צו דער אַרומיקער מאַכט,
פאַרוואָס, זאָג,ליידסטו אינערליך אָן סוף,
קליידסט דיינע אויסערליכע ווענט אין פּראַכט?

פאַרוואָס, ווען קורץ איז לעבן און נענוס,
פאַרשווענדסטו אויף דיין קערפּער אַזוי פיל?
זאָלן ווערים, יורשים פון דיין איבערפלוס,
פאַרצערן אַלץ? איז דאָס דיין לעבנס-ציל?

לעב אויף דיין קנעכט'ס פאַרלוסט, נשמה מיין,
און לאָז אים דאַרבן; בלויז דיין גייסט פאַרמער;
מיט שטונדן-שטויב דיין אייביקייט קויף איין,
פון אויסן אָרעם, נאָר דיין גייסט דערנער:

נער דיך אויף טויט, ווי ער אויף מענטשן, דאַן, —
ווען טויט איז טויט, איז שטאַרבן ניט פאַראַן.

* סאָנעט 146 איז אַ מאָראַלישער עפּיגראַם איבער דער נשמה און קערפּער, ווי דער סאָנעט 129.

# סאָנעט 147*

מיין ליבע איז ווי פיבער, וואָס באַגערט
די זאַך, וואָס יענעמ'ס קראַנקשאַפט גראָד פאַרציט,
אויף וואָס ס'האַלט אָן די קראַנקהייט, זי זיך נערט
צו שטילן בלויז איר קראַנקן אַפּעטיט.

פאַרשטאַנד, דער דאָקטאָר פון דער ליבע מיין,
אין כּעס, וואָס איך פאָלג ניט זיין געבאָט,
האָט מיך פאַרלאָזן, און איך שטים איצט איין,
פאַרצווייפלט, אַז מיין איין פאַרלאַנג איז טויט.

אומהיילבאַר, איצט אויך אָן פאַרשטאַנד איך בין,
און שטענדיק ווילד פון אומרו אָן אַ ציל;
איך דענק און רעד, ווי די, אַראָפּ פון זין,
פון וואָר אַוועק און אין דעם פלאָנטער-שפּיל.

ווייל כ'האָב געדענקט נאָר פון דיין העלער פּראַכט,
ווען דו ביזט פינצטער ווי די בייזע נאַכט.

---

* די סאָנעטן 147 — 152 באַהאַנדלען אַ שטורמישע און אַ שולדיקע ליבע, און זיינען נאַטירליך פאַרבונדן מיט די סאָנעטן 137 — 138 און 141 — 142, כאָטש פיל מער טראַגיש אין טאָן.

## סאָנעט 148*

וואָס האָט געגעבן ליבע מיר פאַר אַ אויגן,
וואָס מיט דער וואָר זיי ניט צוזאַמענגיין?
צי יאָ, וואו איז מיין אורטייל־קראַפט פאַרפלויגן,
וואָס פאַלש דערקלערט, וואָס זיי אין וואָר דערזען?

אויב שיין איז דאָס, וואָס נאָר מיין אויג דערזעט,
פאַרוואָס זשע מערקט אין דעם די וועלט קיין חן?
אויב ניט — די ליבע זיכער דאַן באַשטייט,
אַז ס'איז איר בליק ניט טריי ווי מענטשהייט'ס „ניין".

ווי קען דאָס אויג פון ליבע אמת זיין,
אַז ס'איז באַטריבט פון וואַכן און געוויין?
דערפאַר פאַרטונקלט ווערט מיין אויגן־שיין;
די זון זעט אויך בלויז ווען ס'ווערט אויבן ריין.

מאַכסט, כיטרע ליבע, מיך דורך וויינען בלינד,
אַז איך זאָל ניט דערזעען דיינע זינד.

# סאָנעט 149 *

קענסט דו, אָ, שלעכטע, זאָגן כ'ליב דיך ניט,
ווען כ'בין דיר טריי גאָר, מיר אַליין דאַקעגן?
צי טראַכט איך ניט פון דיר, ביי יעדן טריט
ווען איך פאַרגעס אין זיך, פון דיינעטוועגן?

ווער איז דיין פיינד, וועם איך בין פריינד געווען?
וואָס דו פאַרהאַסט, געשענקט אים שמייכלעריי?
און ווען דו ברוגז'ט זיך אויף מיר אַליין,
פאַרפייניק איך זיך ניט אין זיפצעריי?

צי שעץ איך הויך אין מיר אַזעלכע ווערט,
וואָס זאָל צו שטאָלץ מיך מאַכן דיר צו דינען,
ווען ס'בעסטע אין מיר דאָס ערגסטע דיינס באַערט,
געפירט פון דיינע בליקן, דיינע חנ'ען?

דאָך האַס מיך, ווייל איך ווייס דיין מיין אַצינד:
דו ליבסט די זעענדע, און איך בין בלינד.

## סאָנעט 150 *

פון וועלכער מאַכט באַקומסטו אַט די קראַפט,
מיט אומגעלומפּערטקייט מיין האַרץ רעגירן?
וואָס מאַכט מיין שאַרפן בליק גאָר פעלערהאַפט,
און כ׳זע ניט ליכט און גלאַנץ דעם טאָג באַצירן?

וואו נעמסטו עס דעם חן צו דיינע זינד,
אַז אין דעם אָפּזאַץ פון דיין יעדן טאַט,
איז דאָ אַ שטאַלצע קראַפט וואָס מיך פאַרבינדט,
אַז ס׳קרומסטע וואָס אין דיר זעט אויס מיר גלאַט?

ווער לערנט דיך מיך פייערדיג צעפלאַמען,
וואָס מער איך ווער געוואָר צו האַסן דיך?
אַ, כאָטש כ׳האָב ליב וואָס אַנדערע פאַרדאַמען,
זאָלסטו מיט אַנדערע ניט האַסן מיך;

אויב דיין ניטווערטיגקייט מיין ליבע מערט,
דאַן בין איך טאָפּל מער דיין ליבע ווערט.

## סאָנעט 151*

ס׳איז ליבע יונג און ווייסט ניט פון געוויסן,
דאָך דאָס געוויסן איז דער ליבע׳ס קינד;
ניט זוך דאַן, פאַלשע, דו, מיין שולד צו וויסן,
ווייל דו אַליין ביזט שולדיק אין מיין זינד!

ווייל ווי דו מיך באַטריגסט מוז איך באַטריגן
דאָס נאָבעלע אין מיר צוליב דער ליבעם רוף;
זעל זאָגט צום גוף: „דו וועסט אין ליבע זיגן״;
ווייל קיין זאַך אין דער וועלט האלט אָפּ דעם גוף.

נאָר, שטייגנדיק דורך דיר, ווייזט ער דיר רעכט
דעם פּרייז פון זיין טריאומף. ער איז דאַן גרייט,
שטאָלץ מיט דעם שטאָלץ, צו זיין צו דיר אַ קנעכט
אויף דיין באַפעל, צו פאַלן ביי דיין זייט.

וואָס כ׳רוף איר „ליבע״ אַן איז אויף קיין פאַל
געווויסנלאָז, — פאַר איר איך שטייג און פאַל.

## סאָנעט 152 *

אז כ׳שווער דיר פאַלש אין ליבע מוזטו וויסן,
דאָך דו ביזט טאָפּל־פאַלש אין ליבע־שווערן;
דו האָסט, אין וואָר, דיין הייראַט־בונד, צעריסן,
און טוסט, נאָך נייער ליבע, האָס געבערן.

פאַרוואָס פאַר טאָפּל־פאַלש זאָל איך דיך קלאָגן,
ווען איך האָב צוואַנציק מאָל דיר פאַלש געשוואָרן?
איך האָב מיט מיינע שבועות דיך באַטראָגן,
און האָב מיין צוטרויען אין דיר פאַרלאָרן.

איך האָב געשוואָרן פאַר דיין האַרציגקייט,
אז ס׳איז דיין ליבע דויערהאַפט און שיין,
און דיר צוליב, פאַרקוקט זיך אין אַ זייט,
און פאַלש געשוואָרן טראָץ די וואָר אַליין;

ווייל שווערענדיג ביזט שיין, פלעג איך באַטריגן,
פיל מער, דעם אמת, מיט דעם קרומען ליגן.

## סאָנעט 153*

ביים פאַקל איז אַמאָר אין שלאָף פאַרזונקען.
דיאַנאַ'ס דינסט האָט אויסגעניצט דעם פאַל,
און זי האָט גלייך דעם פאַקל איינגעטונקען
אין קילן וואַסער פון אַ נאָנטן קוואַל,

וואָס האָט פון ליבעס־פייער און איר באַנג
באַקומען אייביק־לעבעדיקן גלוט,
און איז אַ זידיק באָד, און ווער ס'איז קראַנק
דעם היילט זי און זי שטאַרקט אין אים זיין בלוט.

מיט פלאַם געצינדט פון אויג פון מיין געליבטער
האָט קיופּיד אָן מיין האַרץ מיר אַנגערירט;
איך בין אַוועק אַ מידער, אַ באַטריבטער,
אַ היילונג קריגן, נאָר בין ניט קורירט.

עס קען נאָר קיופּיד'ס פייער־באָד מיר טויגן! —
דער פייער־קוואַל איז מיין געליבטער'ס אויגן.

---

* סאָנעטן 153 154 זיינען עפּיגראַמען איבער קיופּיד, גענומען פֿון אַן אַלטן קוואַל, פֿון אַ גריכישן עפּיגראַם אין 15טן יאָרהונדערט.

# סאָנעט 154 *

דער קליינער ליבעס־גאָט איז איינגעשלאָפן,
און נעבן אים — דער הארצנס־צינדער בראַנד;
גראַד זיינען פרומע נימפן דורכגעלאָפן,
און ס׳האָט די שענסטע, מיט איר מיידל־האַנט,

אַוועקגענומען יענעם פאַקל־גלוט,
וואָס האָט צעוואַרימט טרייע הערצער פיל;
און אַט אַזוי דער ליבעס־צינדער רוט
אַנטוואָפנט אין אַ יונגפרוי׳ס האַנט גאָר שטיל.

דעם פלאַם האָט זי געשטילט אין קילן קוואַל,
וועמ׳ס גלוט פון ליבעס־פייער דויערט לאַנג,
און איז אַ היילונגס־באָד פאַר מענטשן אַל׳,
נאָר איך, מיין ליבסטערס שקלאַף ביז אַלץ נאָך קראַנק.

דאָס ווייזט: אַז וואַסער ליבעס־פייער פילט,
דאָך וואַסער קיינמאָל ניט קיין ליבע קילט.

# אַלגעמיינע קריטישע באַמערקונגען וועגן שעקספּירס סאָנעטן

שעקספיר דער ליריקער

אין זיינע סאָנעטן האָט שעקספּיר דערגרייכט אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון צאַרטקייט און האַרמאָניע אין דעם אויסדרוק פון ליידן, אומעט, צער און רעזיגנאַציע...

פאַר דעם אַלגעמיינעם לייענער זיינען שעקספּירס סאָנעטן די אונצוגענגלעכסטע פון זיינע שאַפונגען, דאָך איז אַמשווערסטן, פון זיי זיך אָפּצורייסן...

דער לייענער וועט נאָכפאָלגן מיט גרויס אינטערעס די דערפאַרונגען, וואָס האָבן צעריסן און פאַרצערט שעקספּירס נשמה.

עס וועט אים פאַרשאַפן פרייד, ווען ער וועט זיך טיף באַקענען מיט אָט די דיכטונגען וואָס דריקן אויס שטורעמדיקן, עמאָציאָנעלן לעבן פון איינעם פון די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט.

בלויז דאָ אין די סאָנעטן, זעען מיר שעקספּירן גופא, קלאָר און שאַרף, ווי איינער וואָס איז פאַרליבט, וואָס באַוואונדערט, בענקט, גאַרט, פאַרגעטערט, ווערט פאַרצווייפלט דערנידעריקט און געפּייניקט.

דאָ אין זיינע סאָנעטן, מער ווי אין זיינע אַנדערע ווערק, קענען מיר, אין דעם דיסטאַנץ פון אַריבער דריי הונדערט יאָר פאַרערן דעם דיכטערס קונסט, זיך פילן אינטים, ניט נאָר מיט דעם פּאָעט, נאָר אויך מיט דעם מענטש שעקספּיר אַליין.

געאָרג בראַנדעס

# ווי צו באַקומען דעם העכסטן גענוס פֿון די סאָנעטן

פֿון דזשיי וו. מעקייל

די קאָנצענטרירטקייט פֿון פּאָעזיע אין די סאָנעטן איז אַזוי גרויס, די זיסקייט אַזוי קאָנדענסירט, אַז מיר קענען עס אָפּשאַצן בלויז דורך אַ מין פּראָצעס פֿון פֿונאַנדערטיילונג...

„די רויזן, די רויט־גליענדיקע", זאָגט בייקאָן אין זיין עסיי וועגן גערטנער, „זיינען בלומען מיט זייער אייגענעם אַראָמאַט, אַזוי אַז מ'קען אַדורכגיין אַ גאַנצע ריי פֿון זיי און דאָך ניט דערפֿילן זייער זיסקייט". מען מוז צו זיי צוקומען פֿיל נעענטער, און זיי נעמען איינצעקווייז, אויב מען וויל נאָר אַז זייער „קעניגלעכער אַראָמאַט" זאָל אַרויסהויבן דעם גאַנצן עפֿעקט וואָס זיי פֿאַרמאָגן".

אַזוי אויך, כּדי אָפּצושאַצן די סאָנעטן דורך און דורך, דענק איך, אַז מען מוז זיי אויסלערנען פֿון אויסנווייניק, צו ווערן דורכגעזאַפּט מיט זיי. ערשט דאַן, דאַרף מען לעזן, זאַץ נאָך זאַץ, פֿראַזע נאָך פֿראַזע, שורה נאָך שורה — זיך אויסשפּרייטן און אויפֿשפּראָצן — בשעת דער זכרון וואַכט אויף; אַסאָסיאַציע באַרירט עס און פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט צינדט עס אָן. אַ פֿיל גרעסערע ריינקייט, אַ פֿיינערער חן, אַהעלערע שיינקייט וועט דאַן אויפֿפֿלאַמען פֿאַרן אינערן אויג, וואָס איז די ברכה פֿון איינזאַמקייט.

עדוואַרד דאַודען

# שעקספּירס סאָנעטן, דער שענסטער אויסדרוק פֿון פּאָעזיע

פֿון סידני לי

זייער פֿיל פֿון שעקספּירס סאָנעטן גרייכן די הויך פֿון לירישער מעלאָדיע וואָס מען קען ניט פֿאַר־גלייכן מיט קיין אַנדערע פּאָעזיע.

זייער פֿיל פֿון שעקספּירס פֿערזן אילוסטרירן די פֿאָלקאָמענהייט פֿון מענטשלעכן אויסדרוק.

די מערסטע פֿון די סאָנעטן זיינען איבערגעלאָדן מיט דער מילדער זיסקייט פֿון ריטם, מעטער, די טיפֿקייט פֿון געדאַנק און געפֿיל, די לעבעדיקייט פֿון פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט און דער סטימולירנ־דיקער ברען פֿון אויסדרוק וואָס זיינען די פֿיינסטע פּרוכט פֿון פּאָעטישער קראַפֿט.

# די שענסטע סאָנעטן אין דער ענגלישער ליטעראַטור

פֿון אַלעקסאַנדער דיס

שטודירנדיק שעקספּירס סאָנעטן האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די מערסטע פֿון זיי האָט ער געשריבן וועגן פֿאַרשיידענע מענטשן און געגנשטאַנדן, און אין פֿאַרשיידענע צייטן, כּדי צו אַמוזירן זיינע אינטימע צייט־פֿריינט. כאָטש איך וויל ניט לייקענען, אַז עטלעכע פֿון די סאָנעטן שפּיגלען אויך אָפּ שעקספּירס אייגענע, עכטע געפֿילן, וויל איך דאָך באַשטרייטן, אַז די רמזים, די אָנדייטונגען, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט דורך דער גאַנצער סעריע סאָנעטן, געהערן ניט צו שעקספּירס פּערזענלעכע אומשטענדן און איבערלעבונגען.

אין דער אַלגעמיינער עקסעלענץ פֿון די סאָנעטן, אין זייער טיפֿקייט פֿון געדאַנק, זייער צאַרטקייט פֿון געפֿיל, אין זייער בילדלעכקייט, צויבער און האַרמאָניע, — פֿאַרגעסן מיר די איינרעדעניש, די איינבילדונג, די שפּיצלעך און וויצלעך, וואָס געפֿונען זיך דאָרט. קיין אַנדערע סאָנעטן אין דער גאַנצער ענגלישער ליטעראַטור, חוץ עטלעכע פֿון מילטאָנס, קענען ניט אָוועקגעשטעלט ווערן אין זעלבן ראַנג מיט שעקספּירס — זיי זיינען איינציק אין דער ענגלישער פּאָעזיע.

# די דריי הויפּט־אייגנשאַפטן פון שעקספּירס סאָנעטן

אויב שעקספּיר האָט, אין זיינע סאָנעטן, אויפגעשלאָסן זיין האַרץ, דאַן קומט די פראַגע: וואָס לערנען מיר פון זיי, וועגן אָט דער גרויסער האַרץ?

איך קען אויף דעם קיין אַנדער ענטפער ניט געבן ווי נאָר מיט די ווערטער, אַז אין די סאָנעטן דערקענען מיר דריי זאַכן:

איינס — אַז שעקספּיר איז געווען באַגאַבט מיט אַ גרעס־נעצלאָזער, פּערזענלעכער איבערגעבנקייט; צווייטנס — אַז ער איז געווען צאַרט־סענסיטיוו, איבערהויפּט סענסיטיוו צו יעדער פאַרמינערונג אָדער ענדערונג פון יענער ליבע וואָס זיין האַרץ האָט אַזוי באַגערט און געגאַרט; און דריטנס — אַז ווען ער איז געווען געקריוודעט, און ער האָט אַנגסטלעך געליטן, האָט ער דאָך זיינע פּערזענלעכע ליידן איבערגעשטיגן, און האָט זיך אויסגעלערנט ווי צו פאַרגעבן...

די טעותן וואָס זיין האַרץ איז באַגאַנגען האָבן געשטאַמט פון זיין סענסיטיוויטעט, פון זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, און פון סובטעלן באַוואוסטזיין פון זיין עקזיסטענץ, ביז צו זעלבסט־אָפּפערנדיקער איבערגעבנקייט פון זיין האַרץ.

## אויסצוגן פון אייניקע אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן דר. אַ. אייסענס איבערזעצונגען

די רייכע ענגלישע פּאָעזיע ווערט אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור פון דר. אברהם אייסען. ער איז נישט דער איינציקער אויף דעם געביט — אָבער דער טעטיקסטער. ביי אים איז עס נישט קיין צופאַל און נישט קיין קאַפּריז, נאָר אַ שטענדיקע און סיסטעמאַטישע אַרבעט, וואָס ער טוט מיט דער גרעסטער ליבע.

עס איז גענוג צו פאַרגלייכן דר. אייסענס איבערזעצונג פון אָמאַר כאַיאַמ׳ס „רוּביאַט" מיט דעם ענגלישן פון פיטזשעראַלד, כדי צו באַוואונדערן דר. אייסענס פּינקטלעכקייט. די זעלטענע געטרייקייט צום אָריגינאַל, אינהאַלט און פאָרם, וואָס די יידישע איבערזעצונג פאַרמאָגט. דער גרעסטער טייל פערזן לייענט זיך ווי אָריגינאַל.

א. אַלמי

איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן פון פאַרגלייכן געוויסע איבערזעצונגען פון דר. אייסען מיטן ענגלישן אָריגינאַל און איך מוז צוגעבן אַז נאָר אַזאַ טאַלאַנטפולער מתמיד ווי דר. אייסען האָט אונז געקענט געבן אַזעלכע איבערזעצונגען. זיי זיינען נישט נאָר טריי צום אָריגינאַל, נאָר אויך לייכט און פליסיק. עס שפּירט זיך כסדר דער גרויסער יראת הכבוד וואָס דער אויפריכטיקער איבערזעצער פילט צום אָריגינאַל.

י, ר, ברינמאַן

דר. א. אייסען איז אַן אומדערמידלעכער איבערזעצער און האָט געגעבן אַ סך שיינע זאַכן פֿון דעם אומדערשעפּלעכן אוצר פֿון דער ענגלישער דיכטונג דעם יידישן לייענער. ווי למשל, לאָרד בייראָנס „דער געפֿאַנגענער פֿון שילאָן", „די יידישע מעלאָדיעס", „קין", „ענאָך אָרדען" און אַנדערע.

וואָס ווייטער ווערט דר. אייסענס אונטערנעמונגס־קראַפֿט אַלץ גרעסער און ער גרייט צו צום דרוק ניט מער און ניט ווייניקער ווי שעקספּירס „קעניג ליר" און מילטאָנס „שמשון הגבור". ביי דר. אייסען איז עס אַן אַרבעט פֿון ליבע אָדער ריכטיקער געזאָגט פֿון צוויי ליבעס: פֿון ליבע צו דער יידישער שפּראַך און אויך צו דער ענגלישער. דר. אייסען, וועלכער אַר־בעט אומדערמידלעך צו איבערזעצן די ענגלישע דיכטער שלאָגט דאָ דורך אַ נייעם וועג.

דר. י. גלאָבוס

דר. א. אייסען וועלכער ספּעציאַליזירט זיך מיט אַ היפּשן גראַד ליטעראַרישן דערפֿאָלג אין איבערזעצן ענגלישע פּאָעזיע אויף יידיש, האָט געמאַכט אַ וויכטיקן שריט מיטן אַרויסגעבן די איבערזעצונג פֿון לאָרד בייראָנס „קין", איינע פֿון די מייס־טערווערק פֿון דעם באַרימטן ענגלישן דיכטער. די איבערזעצונג, ווי אַלעס וואָס דר. אייסען טוט אויף אין דעם פֿעלד, לייענט זיך לייכט און גלאַט. דער יידיש מאַכט דעם איינדרוק פֿון איינפֿאַכקייט און נאַטירלעכקייט. דער לייענער קריגט אין אַ ריינעם יידיש די געדאַנקען און די בילדער פֿון דעם ענגלישן אָריגינאַל, און דאָס איז דער העכסטער קאָמפּלימענט וואָס מען קען מאַכן אַן איבערזעצער פֿון פּאָעזיע.

פּ. ווערניק

דר. א. אייסענס טיפע, ערנסטע באַציאונג צו די ענגלישע דיכטער, וועלכע ער איבערזעצט, דערמאָנט אין דער באַציאונג, וואָס די גאָר פרומע סופרים האָבן געהאַט צו די ווערטער און אותיות פון די ספר תורות וואָס זיי האָבן געשריבן. זיי האָבן געציטערט איבער יעדן פינטעלע און ביי יעדן „שם" זיינען זיי זיך געלאָפן טובל זיין.

ז. ווינפער

עס ווילט זיך מיר אַרויסזאָגן מבינות וועגן דר. א. אייסענס איבערזעצונג פון אַמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט", פאַרשטיי איך פאַרדאַמט ווייניק פערסיש. גיין ווידער נאָכקוקן, אויב די איבערזעצונג שטימט מיט דעם ענגלישן טעקסט לויט פיטשדזשעראַלד פויל איך זיך. איך אַליין קען אַמווינציקסטן אַ האַלבן טוץ „פיגלען", וואָס וואָלטן עס מיט ווילדער הנאה געטאָן. ביי זיי כאַפּן איינעם אין אומפּינקטלעכקייט איז אַ געטלעכער פאַרגעניגן. מיך אַרט עס ווייניק. איך האָב איבערגעלייענט דאָס ביכל „רובאַיאַט" אין אייסענס איבערזעצונג אין איין אָטעם — דער וועג איז געווען אַ געפלאַסטערטער.

מ. י. חאַימאָוויטש

די איבערזעצונג פון דר. אייסענס 25 לידער פון לאָנגפעלאָ, איז נאָך מיין מיינונג, אַן אויסגעצייכנטע. איך דענק, דאָס ווען לאָנגפעלאָ וואָלט געלעבט און פאַרשטאַנען יידיש, וואָלט ער קיין בעסערע איבערזעצונג זיך גאַרנישט געקענט ווינטשן...

ש. יאַנאָווסקי

דר. א. אייסען איז אַן אָרענטלעכער האָרעפּאַשנער אַגענט. ווען ער רעדט מיט אייך פֿון בייראָן, ווײַל ער גען בייראָן. און ווען ער זאָגט טעניסאָן, ווײַל ער אייך ניט אָפּנאַרן. און ווען ער האָט זיך גענומען צו אָמאַר „כאַיאַם״ האָט ער אַוועקגעלייגט כּוחות צו געבן דעם ריכטיקן „אָמאַר כאַיאַם״.

קורץ, דר. אייסען איז ביי אונז אַ פֿיינער אָרענטלעכער אַגענט פֿאַר פֿרעמדע דיכטער...

„דער לעבעדיקער״

דר. א. אייסען האָט אין זיין איבערזעצונג פֿון לאָרד בייראָנס „יידישע מעלאָדיעס״ שטרענג אָפּגעהיט דעם תּוך, דעם תּמצית, די נשמה, דעם קווינט־עסענץ פֿון דעם צאַרטן און פֿילנדיקן דיכטער. דערפֿאַר דערשיינט פֿאַר אונז בייראָן אויך אין זיין יידישן מלבוש חנעוודיק, רירנדיק און פֿול מיט צער און צאָרן.

אויך די איבערזעצונגען פֿון לאָרד טעניסאָנס „ענאָך אַרדען״ האָט דר. אייסען געמאַכט מיט אַ סך וויסן און געוויסן.

דר. יחזקיאל לעווינ

איינער פֿון די פֿרומע, שטילע און גוטע ביישטייערער צו אונזער ליטעראַטור איז דר. אייסען; ער האָט זיך פֿאַרנומען צו איבערזעצן אין יידיש דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פֿון דער גרויסער ענגלישער ליטעראַטור.

טוט ער עס שטיל, אָבער מיט גרויס התמדה, טוט ער עס באַשיידן, אָבער מיט רירנדיקער איבערגעבנקייט. ער טוט עס מיט ליבע און וואָס ווייטער טוט ער עס בעסער און שלמות־דיקער.

דר. אַ. מוקדוני

דר. א. אײסען האָט די שווערע און ניט־דאַנקבאַרע קונסט פֿון איבערזעצן געמאַכט פֿאַר זײַן ליטעראַרישן לעבנס־אויפֿגאַבע. זײַן אַמביציע איז — באַקענען דעם ייִדישן לייענער מיט דער ענגלישער פּאָעזיע, ניט מיט דער אָדער יענער עפּאָכע, ניט מיט אַזאַ אָדער אַנדער ריכטונג, נאָר מיט אַלע עפּאָכעס, מיט אַלע ריכטונגען פֿונעם פּאָעטישן שאַפֿן אין ענגליש — די קלאַסישע אַזוי גוט ווי די מאָדערנע. אים מאַכט ניט אויס וואָס פֿאַר אַ ווערק עס ליגט פֿאַר אים, שעקספּירס סאָנעטן אָדער דער ענגלישער נוסח פֿון אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט", בײַראָנס „אידישע מעלאָדיעס" אָדער טעניסאָנס „ענאָך אַרדען", קאַרל סאַנבורגס אָדער לאָנגפֿעלאָס פּאָעמע; אים אַרט ניט דער מאָטיוו, דער ריטם, די פֿאָרם, די סביבה פֿון אַ ווערק. די פֿראַגע וואָס אים אינטערעסירט איז: ווי וועט עס קלינגען אויף ייִדיש?

אין א. אײסענס איבערזעצונגען איז דאָ אַרבעט, פֿלײַסיקייט און קענטשאַפֿט.

ש. ניגער

פֿאַר די איבערזעצונגען, וואָס דער דיכטער דר. אײסען האָט געמאַכט פֿון מילטאָן, טעניסאָן, בײַראָן וויטמאַן, און אַנדערע פֿאַרדינט ער אַ באַזונדערע אָנערקענונג. דר. אײסען האָט אַרײַנגעטראָגן דער ערשטער די גרויסע קלאַסישע ענגלישע פּאָעטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן איבערזעצן די „רובאַיאַט" פֿון אָמאַר כאַיאַם איז איינע פֿון די באַגריסונגסווערטע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַברהם רייזען

די פֿאָרעם פֿון דר. אייסענס מערסטע „רובאַיאַט" איבער־זעצונגען איז נישט נאָר קאָרעקט, נאָר אַפֿילו ריין אין בילד־לעכן אויסדרוק און פּרעציז געדאַנקלעך.

י. ראַפּאָפּאָרט

מען מעג זאָגן, אַז דר. א. אייסען האָט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון לאָרד בייראָנס „קין" געטריי — מען קען פֿילן אין דער איבערזעצונג בייראָנס גרויסן שוואונג און ריטם. דר. אייסענס איבערזעצונג איז מער פּינקטלעך ווי פֿרישמאַנס, דער ריטם איז דער זעלביקער ווי ביי בייראָנען. דוד פֿרישמאַן איגנאָרירט אין גאַנצן בוך בייראָנס ריטם.

דר. אייסען האָט אויסגעקליבן דעם געביט פֿון איבער־זעצונג פֿאַר זיין לעבנס־באַרוף. איך באַוואונדער זיין מוט.

דר. ש. סיימאָן

## פון זעלבן איבערזעצער זיינען דערשינען:

וו. שעקספירס אַלטע סאָנעטן
[1944]

25 לידער פון טאָמאַס מור
[1935]

25 לידער פון וואָלט וויטמאַן
[1934]

25 לידער פון ה. וו. לאָנגפעללאָ
[1933]

לאָרד בייראָנ'ס — „קין"
[1932]

לאָרד טעניסאָנ'ס — „ענאָך אַרדען"
[1930]

לאָרד בייראָנ'ס — „די אידישע מעלאָדיעס"
[1928]

„די רובאַיאַט" — פון אָמאַר כאַיאַם
[1926]

לאָרד בייראָנ'ס — „דער געפאַנגענער פון שילאָן"
[1925]

## עס ווערן צוגעגרייט צום דרוק:

און דזשאָן מילטאָנס — „שמשון הגבור".

אַן אַנטאָלאָגיע פון די קלאַסישע ענגלישע דיכטער,

אַן אַנטאָלאָגיע פון די קלאַסישע אַמעריקאַנער דיכטער,

וו. שעקספירס „קעניג ליר".